# אויסראמאן

## אשיינע ראמאנישע ערצעהלונג

פון

ג. ח. לעוונער מכונה (ג. ת. ל.)

# ווילנא

НѢТЪ РОМАНА.

Разсказъ Г. Х. Левнера.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

1.

# נבֿן מיט אַבֿלה.

— אַמענש אָן אַחסרון איז גאָר ניט דאָ! אַמענש אָן אַחסרון, קאָן אפּנים גאָר ניט זיין! "אַט די וועלטשער, הערטמען זייער אָפּט פֿון די וואָכעראָר אידין", בעת זיי צו שמועסן זיך. פֿון זייער רבּי נעציל-הענעך נעלמליב. רבּי נעציל הענעך דער וואָכעראָר, איז אַ־ייד אַהויכער, אַדיקער, מיט אַהדרת פּנים; זיין גרויסע געדיכטע שוואַרצע באָרד, מיט זיינע שוואַרצע ברעמען, מיט זיינע שוואַרצע אויגן, וואַרפֿן אויף יעדערן אַפּחד, און מען מוז, פֿאַר רבּי נעציל הענעכן האָבּין דרך ארץ! דער צו איז ער אַייד אַגרויסער ירא שמים, אַגרויסער למדן, האָט כמיכות אויף רבנות, און אַז ער זאָגט אין שוהל ביים טיש אַשטיקעלע "צלע יעקב" (עין יעקב), איז מחיה נפשות, ממש מען לעקט די פֿינגער פֿון מתיקות, פֿון זיסקייט; — און דעריבער, איז רבּי נעציל הענעך, דער ערשטער בעל דעה זאָגער, דער גאַנצער פֿירער, און אַלע זיינען מיט אים העכסט צופֿרידין; רבּי נעציל הענעך, איז אַטייערער איד, בענש גאָט אַלע אידין מיט אַזעלכע אור-אור אייניקלעך; נאָר איין חסרון האָט ער, וואָס אַלע ווייסין, און אפֿשר ער אַליין אויך, און קאָן ניט בשום אופֿן, דעם חסרון פֿאַר ריכטין. — רבּי נעציל הענעכס חסרון איז, וואָס ער האָט אַשרעקליך גרויסין חשק, אַמוראדיגע אַהבה, צו די — מטבע!...

אין אמת'ן גירעדט, ווייסין מיר, יעדער פֿייא זיך, אַז מיר האָבּין זיא. די מטבע, קיינער ניט פֿיינד! אונבצו ליב די מטבע, זיינען מיר יעדער, אַסאַך מאָל, מיבן ומזומן, טאָהן וואָס מען טאָר ניט, ריידין וואָס מען דאַרף ניט, זיך בענוטצין מיט חניפֿה, מיט צבֿועטהווע, מיט שקר, מיט רמאות אַבּיסילע, א. ד. ג. און טאָקע אַלץ צו ליב די מטבע. וואָס זאָלין מיר לייקענען?... ניט איינער פֿון אונז, האָט זיא פֿיינד; נאָר רבּי נעציל הענעך, האָט זי ליב מיט אַלע כחות, ליב מיט אַלע כוונות. ליב ווי זיין לעבּין! ליב ווי זיין בן יחיד, זיין נעראַטענעם, איין-איינציגין זוהן, און אפֿשר נאָך ליבּער, אַסאַך ליבּער!

רבּי נ[illegible] הענעכס בן יחיד, זיין ברוך'ל, איז אַטייער קינד,

אפיין קינד, איינס אונ רעכטס: אנגעבילדעטער יודישער בחור'ל, מיט אסך מעלות. דער צו איז ער שוין אריבער דעם פריזיוו, שטייט אין שדוכים, רייכע עלטערן שיקן שדכנים, באטין אן טויזענט, אונ צוויי טויזענט רובל נדן . . . נאר רבי נעציל העניך געלטליב, האלט זיך ביי דאס זייניגעס, ער זאגט: „מיין זוהן, מיין ברוך, מוז נעמען עהען טויזענט רובל נדן, ווייניגער ניט אפרוטה! . . . „

ברוך'ל, האט אפילו אן געקוקט אמיידל, אבעל בתיש קינד, גרויסע יפת תאר, אונ זייער אנגעראטענע, אונ צו די מעלות, איז א טויזענטער אויך דא; אונ האט דעם פאטער מגלה גיוועזן דעם סוד, „אויב ניט דיא מיידיל, איז מיר דער לעבען ניט ניחא . . „ נאר רבי נעציל העניך, איז זייער בייז, זייער ברוגז, אז מען וויל אים ניט הארכין, אונ האט געזאגט: „ווילסט דו מיר פאלגין, ביזט דו מיין קינד, אויב ניט קאפ אן קישין!...„ אונ ברוך'ל, האט נאך קיין מאל ניט גיפראבירט משנה זיין, פון טאטינס רצון, דעם טאטינס ווארט, איז ביי אים קדש קדשים, אונ האט אויך דעם מאל, מיט זייער איין אומעדיגע נעקריינקטע הארץ גיזאגט: פאלג איך דיר!„ אונ רבי נעציל העניך, האט אלעמען אויף להכעיס, אויס געפירט אויף דאס זייניגע, וויא ער האט גיזאגט! — ס'איז גיקומען אשדכן, טאקע אלאנד-שדכן, אונ פאר געליינגט אלאנד שדוך, אמחותן וואס ניט 10 טויזענט רובל נדן, אונ דווקא ניט פון מרחקים, דיא יודישע שטאדטיל דלותוועקע איז ניט מעבר לים, אונ דעם דלותוועקער גביר רבי חייקיל פייטיל, קענען אלע וואכעראר אידין, מען קאן אים, מיט זיין ווייב, אונ אפילו דיא בתולה אויך. — רבי נעציל העניך איז גיוועזן מלא הדוה! נאר ניט זיין ברוך'ל. ער האט גיוואלט אכלה מיט נדן, אונ דער טאטע וויל אים געבין נדן מיט אכלה ... דער נדן איז גאנץ גוט, אגאנץ פיינע ציפרע, אבער די כלה? מען זאגט, זיא איז אמיאוסקייט, אגרויסע מנוולת, ניט איין צו קוקין זיך, אין איר מאוסין פנים . . . — נאך איין איבער-שרייבענעם צווישין די מחותנים, איז רבי נעציל העניך, מיט זיין בן יחיד געפארין אויף תנאים; — רבי חייקיל פייטל, דער דלותוועקער גביר, האט געמאכט אגרויסארטיגין תנאים, פאר בעטין די גאנצע שטעטיל

(אוים ראש

שְׁטֶעטִיל, 2 מֵעת לְעֵת, הָאט מֶען שְׁטַארק גֶעהוּלֶעט. דִי חֲתוּנָה אָפּ גֶעלַייגְט סַךְ הַכֹּל אוֹיף אַחוֹדֶ'שׁ צַייט, אוּנ דֶעם נַדְן מְסַלֵק זַיין קוֹדֶם הַחוּפָּה.

פָארֶענְדִיג אַהֵיים, הָאט רֶבִּי גֶעצִיל הֶענֶעךְ, צוּ זַיין אוּמֶעדִינְן זוּהְן גֶעזָאגְט: "מַיין קִינְד, 10 טוֹיזֶענְט רוּבֶּל, מִיט אַסַךְ מַתָּנוֹת, אִיז אַ פַיינֶע מַטְבֵּעַ... דַארְפְסְט נִיט אוּמֶעדִיג זַיין... שֶׁקֶר הַחֵן, וְהֶבֶל הַיּוֹפִי, הָאט גֶעזָאגְט אַקְלוּגֶער אִיד... שֵׁיינְקֵייט פַאר גֵייט, אוּנ אַ מַטְבֵּעַ בַּאשְׁטֵייט!... — אוֹיבּ דִי דָאזִיגֶע הַארְטֶער זַיינֶען גֶיזַאגְט דֶעם בֵּן יָחִיד, אוֹיף זַיין נְשָׁמָה וֵוייס קֵיינֶער נִיט; דֶעם גָאלְדֶענֶעם זַיינֶער, מִיט דִיא גָאלְדֶענֶע קֵייטֶעלֶע וָואס דֶער מְחוּתָּן הָאט אִים, דֶעם חָתָן גִיגֶעבִּין, צוּם תְּנָאִים, הָאט עֶר צוּ גֶענוּמֶען מִיט שִׂמְחָה; אוּנ אַלֶע וַוייְלֶע אוֹיף זַיי גֶעקוּקְט, גֶעקוּקְט אוּנ בֶּעטְרַאכְט, וִוי אַטֵייעֶרֶע זַאךְ; אַלֶע רֶגַע אַרוֹיס גִינוּמֶען פוּן קֶעשֶׁענֶע אוּנ ווִידֶער אַרַיין גֶעלֵייגְט וִויא עֶר וָואלְט זִיךְ דֶער מִיט מִתְפָּאֵר זַיין, דֶער מִיט שְׁטָאלְצִירְן... נָאר דֶעם גְרוּנְד וַוייס קֵיינֶער נִיט... אֶפְשָׁר, וַוייל עֶר הָאט שׁוֹין דֶעם אֱמֶת גִיוואוּסְט, אַז אוֹיבּ נִיט אוֹיפִין זַייגֶער אוּנ קֵייטִיל, הָאט עֶר נִיט אוֹיף וָואס צוּ קוּקִין... — יָא, דִי מַאנְשְׁלִיכֶע הַארְץ, הָאט נִיט קֵיין גְרוּנְד! — בָּרוּךְ הָאט זִיךְ נִיט אוּסְפַּייעֶט, רֶעכְט בֶּעטְרַאכְטִין, זַיינֶען שׁוֹין דִי פִיר וָואכִין פַאר בַּאי; רֶבִּי גֶעצִיל הֶענֶעךְ הָאט זִיךְ מַכִין גִיוֶועֶן, וִויא עֶס פַּאסְט פַאר אַרַייכִין מְחוּתָּן. — בַּייא דִיא מְחוּתָּנִים אִיז נִיט פָאר גֶעקוּמֶען קֵיין רוּגְז, קֵיין קְרִיג, אַלֶעס אִיז גִיוֶועֶן רִיכְטִיג, אֱמֶת, דֶעם נַדְן אָפּ גֶעצֵיילְט לְיַד הֶחָתָן 10 טוֹיזֶענְט רוּבֶּל, אוּנ נָאר.

קוּמֶענְדִיג אַהֵיים מִיט דִי יוּנְגֶע וַוייבִּיל, הָאט רֶבִּי גֶעצִיל הֶענֶעךְ, שַׁבָּת פוּן שׁוּהְל, פַאר בֶּעטִין אַגְרוֹיסִין עוֹלָם, אוֹיף שֶׁבַע בְּרָכוֹת.

דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ, נִיט גִילָאזִין לַאנְג בֶּעטִין, מֶען אִיז גִיקוּמֶען אָפּ גֶעבִּין מַזָּל טוֹב. דִיא מְחוּתָּנִים, אוּנ חָתָן כַּלָּה, אוּנ אַנֶב אוּרְחָא, זֶעהְן דִי יוּנְגֶע וַוייבִּיל... — קוּמֶענְדִיג פוּן בְּרָכָה אַהֵיים, הָאט יֶעדֶער גֶעקוּקְט אוֹיף זַיין פְרוֹי, מִיט אַנְדֶערֶע אוֹיגִין... יֶעדֶערִין הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז זַיינֶע, אִיז אַ בַּת מַלְכָּה!...

דִיא וָואס זַיינֶען אוֹיף בְּרָכָה נִיט גִיוֶועֶן, הָאבִּין זִיךְ גֶעטְרַייכְט וָואגֶענְדִיג. אַכַּפָּרָה דִיא כְּבוֹד אַבִּי נִיט אָן צוּ קוּקִין דֶעם מִיאוּסֶען

(אוים ראמאן)

פנים פון דיא יונגע ווייביל דיא פערזעהנגעס.

## 2.

### מיט קנאפע צוויי יאהר שפעטער.

אט אזוי איז דער מענש, אונ אט אזוי איז דיא וועלט. דעם אומזאן דאכט זיך, דיא גאנצע מניעה איז נאר, ווייל איך האב ניט קיין געלט; מיט געלט, וואלט איך, איבער גיקערט דיא וועלט; איך וואלט געהאנדעלט מיט דאס. אונ מיט יענס, איך וואלט פאר דינט אן אשיער, איך וואלט געשאַרט הורבעס ווייז געלט!

נאר, דער וואס האט דאס געלט, יענער על פי רוב, ווייס ניט צו וואס ער זאל זיך חאפין, אונ וואס פאר איין עסק, ער זאל פאר פירין; דאס?... טויג ניט! יענס?... לוינט גיט! דער מיט? איז ניט כדאי! אונ מיט דעם? הבל הבלים! אונ האלטענדיג דיא עטליכע רובל אין קעשענע, זיצטמען מיט פאר לאנגע האנד, ניט וויסענדיג, אונ ניט געפינענדיג ארעכטען עסק, אשטיקעלע גישעפט...

דאס זעלבינע איז גיוועז מיט רבי נעציל העניכען, אונ זיין בן יחיד. — רבי נעציל העניך, האט געמיינט, אז 10 טויזענט רובל, איז אהאלבע מלוכה; מיט אזוי פיל געלט. קאנמען יעדער טאג פאר דינען בכפליים! אן געלט איז אשטיינער ביטער, עני חשוב כמת. איין ארומאן אונ אטויטער זיינען ביידע גלייך, דער קאן ניט ריידין, אונ דער קאן זיך ניט קערין... — עפעס מיט אזא סומע געלט? מען קען דאך מאכין 5 מסחרים, אז אין יעדער עסק זאל ליגען צו 2 טויזענט רובל... 10 מסחרים, צו טויזענט רובל... אונ 20 ראזנע עסקים, אז אין יעדער עסק זאל זיין צו 5 הונדערט רובל! הכלל, רבי נעציל העניך האט געמיינט. אז מיט 10 טויזענט רובל, וועט ער פאר פירין גישעפטין, פון הודו ביז כוש, אלע וואכערער נאסין, וועלין פול זיין מיט זיינע קלייטין! נאר האבענדיג די עטליכע רובל אין יד, אונ האלטענדיג זיך טויזענט עצות מיט זיינע בעסטע גוטע פריינד, האט קיינער ניט גיקאנט, אונ ניט געוואוסט קיין גלייכע עצה, וואס ער זאל טאן. מיט וואס ער זאל האנדלען. אונ צו וואס ער זאל זיך נעמען...

אונ די צייט גייט, אטאג נאך אטאג, אוואך נאך אוואך,


([illegible])

און אחודש נאך אחודש . רבי געצעל חענעך האלט נאך אלץ אין רעכענען טיפין מראכטין , ער טראכט אפילו אין דיא שטילע שטונדע עשרה , און קיין גלייכע זאך , דאס הייסט , אנגעשעפט אן קאנקו־רענציעס . . . א געשעפט אן אסאך הוצאות , מיט אגעוויסע פרנסה איז ניט פאראן . . . — נאר וויא זאגט מען עפעס , גיזונד לאזט ניט רוהען . און געלט לאזט ניט ליגען . . . דער ווייל , דאס מיינטמען , ביז עס וועט זיך עפעס אפ זוכן ארבעטער עסק , האט רבי געציל הענעך , די עטליכע רובל צו בארגט , צו ליען , ביז די ערשטע מינוט , וואס ער וועט אליין דארפין מאכען אגעשעפט , דעם 200, און אצווייטען 3 הונדערט, און בערל שמערלען דעם גרויסען וואכעראר סוחר צום פארין אין מקום 5 טויזענט רובל ... און דער מחותן איז אויך געקומען און געחאפט אויף אפאר וואכין צייט אהאלבין גדן , טאקע אויף אנאטעריאלנעם וועכסעלע , ווארום רבי געציל הענעך ווייס , אז האנדעלשאפט , איז ניט קיין מחותנעשאפט ... און עס וועט ווערין , עטליכע רובל פראצענט . . . אומזיסט ניט מען קיינעם ניט . . . נאר זאגין , אז דאס איז דער רעכטער תכלית . . . בעסערס דארף מען ניט קאן מען ניט זאגען ! נאר אז ר' געציל הענעך , איז ניט געווען העכסט צופרידין מיט די רווחים מיט דיא פריבול פון די גדן געלט , האט דער בורא אים צו געשיקט פריבל , פון איין אנדער ארט ; אקורואט צוא 9 חדשים , האט אים בייל קעלע זיין שנור געשאנקען 2 איניקלעך מיט אמאל , אאינגעלע מיט אמיידעלע . . . — זאגין , אז ר' געציל הענעך איז מיט דיא שנורס מתנה , גיוועז שטארק צו פרידין , איז דאס ניט אמת ! וויא זיין פרובל , אזוי ער האבין זיך שטילער היד גינעבען , זייא איז דאס ניט ניחא געווען , נאר העלפען קאן מען ניט .

ר' געציל הענעך , האט געפראוועט דעם איניקלס ברית , אויפין גידישין ארט ; אלע וואכעראר זיינען גיוועז גירופין , משקה מיט פאר בייסין איז גיוועז לרוב ; אזא ברית , האבין די וואכעראר יודען ניט געהאט אסאך יאהרען . — אויפין ברית , האבען כמעט אלע קרואים באמערקט , אז דער טאטע , דער בעל ברית . מיט דעם יידין . זיינען שטארק צו רודיל פר שטארק פאר דאנה־ט , און

זייער פרייליכער פנים איז גאר אגעטאכטער . . . אצו געפוצטער , ניט מער . . . — אפנים, אז ר' נעציל הענעך , מיט ברוכין , האבין עפעס געפיהלט , עפעס געשפירט , אצרה , איין אונגליק !

אונ דאס איז געווען אמת . זייער ריכטיג . — טאקע אין גיכען באלד נאכין ברית , האט זיך פאר חמארעט ר' נעציל הענעכס אונ ברוכ'ס היטעל ; אונ רבי נעציל הענעכין , איז געווארין היפ'ש פינס־טערליך , אין זיינע קלוגע אויגען . . . — נאכין קינפעט , האט דיא נגידי'שע יונגע ווייבל , באקומען זייער אמיאוסין פנים . . . , נאר מיט דעם מיאוסין פנים , איז ברוך , אויך ר' נעציל הענעך , גאנץ רגיל־דיג געווען , אונ האבין זיך בעמיט , וואס ווייניגער אויף אים קוקין , אבער צום אונגליק , האט זיך געיאוועט אנייע צרה , נאר איין אונגעריכטע צרה , ביילקעלע האט אנגעהייבין קריינקען . . . תחילת , איז זיא קראנק געווארין אויף איין ברוסט , דער נאך אויף די 2 טע , אונ צוצ לעצט אויף ביידע מיט אמאל , ניט ווילענדיג , האט מען גענומען נעמען איין אם , צאלין אמכח דאס וואס זיא וויל , איר קארמען וויא זיא וויל ; אונ נאך אלעס דעם , האט מען גענומט איין קינד אפ געבין צו אצווייטע אם ! ... ביא ר' נעציל הענעכין אין שטוב , איז געווארין אתושך , דער גאנצער אפטייק , האט זיך איבער גיטראגין אהער ; די דאקטורים מיט די פלעשלעך רפואות , מיט די אונרוהיגקייט , פון ניט עסין אונ ניט שלאפין , האט זיי גראה אונ אלט געמאכט ; ווייא איז אלעמען מיאוס ומאוס געווארין דער לעבין , אונ העלפין דער צו האט קיינער ניט גיקאנט . — נאר די אלע צרות . איז נאר געווען דער פאר שפיל צו די קומענדיגע חתונה . : . ר' נעציל הענעך האט באקומען אידיעה , אז ר' שמערל בערל , דער זיכערער סוחר , וואס האלט צום הארקאוו פארין . געחאפט פון די נדן געלט 3 טויזענטער אהלואה האט אפ גיצאלט די סוחרים , וויא דער מנהג איז ; אונ זיי , האבין אים ניט גיגעבין מער זיין קרעדיט , אויך וויא דער מנהג איז . . . דא האבען 3 טויזענט רובל גילאפענט מיט איין קלאפ ! . . .

אונ עס איז אסברה אז נאך טויזענד רובל ביים הער סאפערמאן חעלין אויך זיין — יאבליזיו ! . . . אונ עס פיקט זיך „אהערעכטס" . אז
(אוים ראמאן) בכבודו

בִּכְבוֹדוֹ דֶער מְחוּתָּן אַלֵיין, דֶער בַּלוּתָוְוקֶער גְבִיר, וָואס הָאט רֶעם הַאלְבִּין גַבְּן גֶעחַאפְּט אויף אַוַויילֶע, אִיז שׁוֹין דָאס, אויך אַנְעבְּטִינְגֶער טָאג ... — רַבִּי נֶעצִיל הָענֶעךְ, הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט, אַז זַיין בֵּן יָחִיד, בְּלֵייבְּט אָן תּוֹרָה, אָן כַּחוֹרָה, אָן גֶעלְט, אוּנ אָן וָועלְט... פוּן גְרוֹיס פַאר דְרָאס, פוּן צַעַר אוּנ וֵוייטָאג, הָאט עֶר זִיךְ גִישָׁאלְטִין מִיט קְלָלוֹת אוּנ הָאט צוּם לֶעצְט, מַצְדִיק הַדִין גֶעוֶועןְ אויף זִיךְ, אַז עֶר הָאט דִי צָרוֹת מִיט דִי יְסוּרִים אוּנ צַעַר בָּשָׂר פַאר דִינְט; וַוייל עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעיָאגְט נָאךְ גֶעלְט מִיט צוּפִיל חַשָׁק; אָט הָאט מֶען אִים גִיגֶעבִּין... נַא! אוּנ בַּאלְד וִוידֶער צוּ גֶענוּמֶען! — בְּעוַואכְט, זִיךְ נִיט גֶעהַיילְט, מִינוּט פַאר מִינוּט, הָאט זִיךְ דִי צַייט אָפּ גֶערוּקְט נָאךְ אויף אַהִיפְּשֶׁען מַהֲלָךְ. כִּמְעַט אויף אַגַאנְץ יָאהר. — מִיט דִי צָרוֹת, אִיז שׁוֹין ר׳ נֶעצִיל הֶענֶעךְ, אויךְ בָּרוּךְ גֶעוואוּנְט גִיוֶועןְ; זֵיי הָאבִּין גַאנְץ רִיכְטִיג גֶעווּאוּסְט, אַז פוּן דִי גַאנְצֶע סוּמֶע גֶעלְט, וָואס מֶען הָאט זֵיי גִיגֶעבִּין צוּ צֶעהַאלְטִין, אִיז בַּיי זֵיי גִיבְּלִיבִּין קַארְגֶע עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבְּעל אוּנ נִיט מֶער; וָואס מֶען הָאט זֵייא מִיט גְרוֹיסֶע יְסוּרִים אוּיס גֶערִיסִין, פוּן דֶעם אַבִּיסִיל, פוּן יֶענֶעם אַבִּיסִיל, אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע אִיז פַאר פַאלִין. מִיט 2 גְרוֹיסֶע פֵּייעֶן! אִין קַארְגֶע 2 יָאר, אִיז אַתָּל גִיוָוארִין פוּן אַזַא גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְט!... נִיט אוּמְזִיסְט זָאגְט דִיא וָועלְט. נַבִּן מִיט יְרוּשָׁה, זַיינֶען מִיט דֶעם מֵייוויל חַבְרוּתָה.

בָּרוּכִיל הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַאר טְרַאכְט...

עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט נָאךְ אַסוֹד... אַז אָט... בַּאלְד... אִין גִיכִין, וָועט וִוידֶער עֶפֶּעס גֶעבּוֹירִין וֶוערִין!... אוּנ וִוידֶער אַמֶען?. וִוידֶער מַאמְקֶעם מִיט נַאנְקֶעם?... מִיט וָואס?... בָּרוּךְ הָאט גִיפִילְט וִויא זַיינֶע בְּלוּטִין קִיהְלִין אִין זַיינֶע אָדֶערִין;... דֶער טַאטֶע... דֶער טַאטֶע... הָאט עֶר שְׁטִילֶערְהַייט גִיפְרֶעפְּלְט... אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג... אִיךְ וֶועל אַוֶועק, וואו דִי אוֹיגֶען זֶעהֶען, אוּנ עֶר זָאל עֶסִין, וָואס עֶר הָאט גֶעקָאכְט, שְׁלָאפִין, אויף וָואס עֶר הָאט אוּיס גִיבֶּעט...

## 3.

### מֶענְדֶעלֶע.

דִי גַאנְצֶע שְׁטֶעטִיל וַואבְּ־קָאר גֵייט הָאדְרוּם, עֶס וֶוערְט גִירֶעט אוּיס ראמַאן) אוּנ

אַלס דֶערצֵיילְט, אִין אַלֶע גַאסֶן, אוֹיף אַלֶע שְׁפֶּענֶען אוּנ וָועגֶען, אַז בְּרוּכִ'ל ר' נעציל הענעכס הָאט גִימַאכְט פְּלֵיטָה, פָּשׁוּט דֶעם לַאנְגֶען נִבְרַח, אַוֶועק גִעוָוארְפִין אַמְעוּבֶּרֶת ווייבּל, מִיט 2 פִּיצְלֶעךְ קִינְדֶער, וְהַבָּחוּר אֵינֶנוּ אוּנ דֶער בָּחוּר אִיז נִיטָא! — פוּן וַואנֶען? אוּנ וִויא אַזוֹ? הָאבִּין דָאס דִי יוּדֶעלֶעךְ דֶער שְׁמֶעקְט, אִיז הַפְּלֵא וָפֶלֶא! נִיט אוּמְזִיסְט זָאגִין דִיא יוּדֶעמָאכִּין, אַז אַיוד הָאט אַלַאנְגֶען נָאז, אַשְׁטַארְקִין הוּשׁ הָרֵיחַ, אַיוּד דֶער שְׁמֶעקְט אַנֶעבְּרָאטִינְס. בְּעֵת דִי גַאנְץ שְׁוִויטְט נָאךְ אוֹיפִין טֵייךְ; ... שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר. ר' נעציל הענעךְ וַויים נָאךְ נִיט דֶערְפוּן, עֶר אַלֵיין הָאט גֶעשִׁיקְט בְּרוּכְלֶען צוּם שְׁוֶוער אִין בַּלוּתְוָנקע אֶפְּשַׁר וָועט עֶר עֶפֶּעס בַּיי אִים מַמְצִיא זַיין, עֶר זָאל חָאטְשׁ וִויפִיל עֶס אִיז אָפּ גֶעבִּין פוּן דִי הַלְוָאָה; אָבֶּער פוּן פְּלֵטָה, פוּן נִבְרַח חַס וְחָלִילָה! אוּנ אַז דִיא דָאזִיגֶע דִבּוּרִים זֵיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ ר' נעציל הענעכס אוֹיעָרִין, אִיז עֶר גִיוָוארִין בְּרוֹגֶז, רֶעדְט אִין כַּעַס, אוּנ הָאט גִירֶעט מִיט הָאָרֶץ. שְׁוּם פַּייעֶר, דֶער ווייזִין מִיט אוֹתוֹת וּמוֹפְתִים, אַז זַיין בְּרוּכִיל וָועט דָאס אִים נִיט טָאן! אוּנ כִּמְעַט, בִּמְעַט, הָאט ר' נעציל הענעךְ כִּמְעַט גִיוָועֶן. דִי לַאנְגֶע צִינְגֶער, גִיזָועלְט בַּיי גַאנְץ וָוארְשָׁעוֶוער קָהָל אַז זֵיי זָאלִין זֵייעֶר שְׁלֶעכְטִין מֵיינוּנְג מְבַטֵל זַיין, זֵיי זָאלִין דָאס נִיט גְלוֹיבִּין בְּשׁוּם אוֹפֶן בָּעוֹלָם! צוּם אוּנְגְלִיק אָבֶּער, הָאט וִויא אוֹיף לְהַכְעִים דֶער טַיְיוִויל אוּנְטֶער גִישְׁטָאנִין דֶעם בְּרִיפְטְרֶעגֶער, אוּנ הָאט אָפּ גִיגֶעבִּין ר' נעציל הענעכִין אַבְּרִיפֶעלֶע, פוּן זַיין בְּרוּכְלֶען, אוּנ דֶער בְּרִיפֶעלֶע, הָאט צְרִיבֶּער גְעוֵויינְגֶען דֶעם וָואנְשָׁאל אוֹיף קָהָל'ס צַד...

דֶער בְּרִיפֶעלֶע אִיז גִיוֶוען גֶעשְׁרִיבֶּען בְּזֶה הַלָשׁוֹן.

לִיבֶּער טַאטֶע!

איךְ בִּין גִיוֶועֶן בַּיים שְׁוֶוער, זַיין לַאגֶע אִיז נִיט מְקַנֵא צוּ זַיין, עֶר הָאט זַיין בַּאנְקְרָאט, נֶעבִּיךְ נִיט קְלוּג גֶעמַאכְט, אוּנ דֶערִיבֶּער צוּפְּט מֶען אִים, מֶען רַייסְט אִים, מֶען פְּלִיקְט אִים, מֶען שְׁלֶעפְּט אִים, אוּנ מֶען צַאפְּט פוּן אִים ... עֶר וָועט אִין גִיכִין זַיין דֶער דוּתְוָנקֶער בלות. מִיר בֵּיידֶע הָאבֶּען אֵיין מַזָל, אוּנְז בֵּיידִין אִיז בַּאשֶׁערְט, נִיט קֵיין גֶעלְט, אוּנ נִיט קֵיין שֵׁיינֶעם פָּנִים ... אִיךְ הָאבּ נִיט גִישְׁפָּארְט קֵיין וֶוערְטֶער, אִים צְרְקָלֶערְט, אַז אִיךְ מוּז עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל הָאבֶּען ... צוּם לֶעבֶּען

(אוֹיס ראַמַאן)

לעבען, אונ צום ... קינדעט וואס וועט אין גיכין זיין ... נאר ער האט
מיר גיענטפערט: מיין קינד, פאר וואס אז דיינע 3 טויזענד רובל איז
ביז א פרוטה, פאר לארין גיגאנגען ביי א שמערל בערל האסט דו
גאר קיין רעש געמאכט ... שטיל אונ פיין! וואס ער איז דיר איין ווילד
פרעמדער, וואס דו האסט פון אים קיין מאל, ניט נהנה געוועזן אויף
א פרוטה! אונ אז איך, איך דיין פאר אונגליקליכסטער שוועער, האב
צו גענומען ביי א דיר 5 טויזענד רובל, איז ערדציטערנעם!... לויפסטו
אונ דיין טאטע אלע ווייל'ע, אונ צאפסט מיר ארויס די בלוט פון אונטער
די נעגיל! לאז דיר דאכטין, אז איך האב דיר גינעבין נאר 5 טויזענד
רובל נדן, דאס איז אויך א מטבע, אמת דיין טאטע האט זיך איין געשפארט
נאר 10 טויזענד רובל אונ דוא ביזט טאקע ווערט!... 2 איניקלעך.
יעדער איניקיל איז ווערט 10 טויזענטער! נאר, אט וואס מיין קינד,
דעם אמת זעהסטו מיט דיינע אויגין ... איך וועל דיר פון די לעצטע
געבין 3 הונדערט רובל, נאר בזה התנאי שרייב מיר אונטער א קבלה
אויף אין גאנצין. אז מיר זיינן קוויט... אונ אויס תביעות, אויס טענות..

נאך א קליינע ווייל'ע טראכטין, האב איך אונטער געשריבען
א שטר קבלה אויף די 5 טויזענד רובל. אונ האב מקבל געוועזן 3
הונדערט! דעם זעלבינגען טאג, וואס איך שיק דיר דעם בריף, האב
אים געשיקט א בריף מיט די עטליכע שורות: מיט די 3 הונדערט
רובל געלט בין איך אוועק ניפארין מעבר לים; ניט איר, ניט אייער
טאכטער וועלין מיר עווייג זעהען, די פיר טויזענד זיבען הונדערט
רובל, זאלין ביי א אייך זיין; אויף הוצאות, פאר אייער טאכטער
מיט די איניקליך וואס זיינען דא, אונ וואס וועלען זיין, אייער
געוועזענער איידים ברוך. — ביט נעם ליבער טאטע פאר אובנוט,
מיינע ווערטער; דוא מיט דיין ליבשאפט, אונ געטריישאפט,
האסט מיר אונגליקליך גימאכט! ביז איך וועל זיך דער שלאגען, אין
דער גרויסער ווייטער וועלט צוא א שטיקעלע תכלית; וועסטו פון מיר
קיין בריף האבען... שיק זיא אפ מיט די קינדער, צו איר טאטין, זאל
ער פאר זיא דאגען, וואס פיזטו מחויב? בעת דוא וועסט דעם בריף
לייענען, וועל איך שוין זיין גאנץ ווייט. זייא געזונד, דיין בן יחיד
ברוך געלטליב.

רבי נֶעצִיל הֶענֶעך, הָאט אַרָאפּ גִילָאזִין זַיין קָאפּ מִיט דָעם נָאז: זַאמֶען, גְרוֹיסֶע טְרֶערִין הָאבִּין זִיך גִיקַייקִילְט אִיבֶּער זַיינֶע בַּאקֶען, פוּן זַיינֶע פוּלֶע מִיט טְרֶערֶען פַאר גָאסֶענֶע אויגֶען.

קוּמֶענְדִיג אַהֵיים, הָאט עֶר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דָעם בְּרִיפֶעלֶע בֵּיילְקֶען, אוּנ דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע וַוייבֶּעל הָאט גֶעחַאלֶעשְׁט צוּם טוֹיט, פוּן יְסוּרִים, פוּן צַעַר, מִיט עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאך דָעם. הָאט רַבִּי נֶעצִיל הֶענֶעך, אַטְ-פְּרַאוֶועט דִיא קְלֵיינֶע מִשְׁפָּחָה, דִי שְׁנוּר מִיט דִיא 2 קִינְדֶערְלֶעך, אַהֵיים צוּם טַאטִין ...פִּינְף וָואכֶען, נָאכְדֶעם קוּמֶען צוּם טַאטִין, הָאט ביילקעלע גֶעהַאט נָאך אַזוּהן, וָואס מֶען הָאט אִים גֶעגֶעבֶּען צוּם בְּרִית אַנָאמֶען, סֶענְדֶערלֶע! מז״ט אוּנְז אַלֶעמֶען, רַבּוֹתַי מז״ט!... סענדערלע זֶה הַקָטָן. גָדוֹל יִהְיֶה.

## 4.

### אִיבֶּער גֶעקוּמֶען.

דִיא וֶועלְט זָאגְט זִיך אַוֶוערְטִיל; „פוּן נַחַת לֶעבְּט מֶען נִיט, און פוּן צָרוֹת שְׁטַארְבְּט מֶען נִיט!" דָאס אִיז גַאנְ׳ץ רִיכְטִיג, דָעם פַאקְט זֶעהֶען מִיר אַלֶע טָאג, אַלֶע וַויילֶע, נָאר בֶּעהִיטֶע גָאט, וֶוען צוּ צָרוֹת, מִישְׁט זִיך צוּ אַבִּיסֶעלֶע גַאֲוָה, אַקָאפֶּעלֶע שְׁטָאלְץ, פוּן דִיא עֶבֶרְדִיגֶע גוּטֶע צַייטִין, פוּן דִיא פֶארְגַאנְגֶענֶע גְלִיקְלִיכֶע יָאהרֶען; דַאן זַיינֶען דִיא צָרוֹת זַייעֶר גִיפֶעהרְלִיךְ, סַכָּנוֹת׳דִיג, אוּנ הָאבִּין בְּכֹּחַ פַאר מְרַייבִּין, פַאוְ יָאגִין, אִין קֶבֶר, אִין גְרוּבּ!... וֶוען ביילקעלע רבי נֶעצִיל הֶענֶעכְס שְׁנוּר, וָואלְט גִיוֶוען פוּן עֶווִיגֶע יָאהר, פוּן תְּחִילַת אָן, אַפְּרָאסְטֶע אָרֶעמֶע מֵיידֶעל, אוּנ דֶער נָאך אַפְּרָאסְטֶע גֶעמֵיינֶע וַוייבִּיל, אוּנ דֶער מַאן, וָואלְט זִיא גֶעווָארְפֶען מִיט 2 פִיצֶעלֶעך קִינְדֶער, אוּנ אַמְעוּבֶּרֶתֶע דֶער צוּ; וָואלְט זִיא פוּן דִיא צָרוֹת, נִיט גֶעוָוארֶען גֶעוִינְטֶער, אוֹיךְ נִיט שֶׁאהנֶער אוּנ לוּיטֶערֶער אוֹיפִין פָּנִים; אָבֶּער שְׁטַארְבִּין אוֹיךְ נִיט! זִיא וָואלְט נֶעבִּיךְ גֶעהָארֶעוֶועט, גִיאַרְבֶּעט, טָאג אוּנ נַאכְט, מִיט פְּרֶעמְדֶע גֶעוֶוייא, מִיט פְּרֶעמְדֶע וֶועשׁ, אוּנ וָואלְט אִירֶע „לֶעבֶּעדִיגֶע יְתוֹמִים" מְפַרְנֵס גִיוֶועןי: זִיא וָואלְט פוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת דַוְקָא גִילֶעבְּט, אוּנ נִיט גִישְׁטָארְבִּין! נִיט אַזוֹ, לְגַמְרֵי נִיט אַזוֹ, אִיז ביילקעלע רבי נעציל הענעכס שְׁנוּר; זִיא אִיז גִיוֶוען אַנְגִידֶעשׁ מֵיידִיל, דֶער נָאך אוֹיף אַהַיילֶע אַרַייכֶע

יוּנְגֶע וַוייבִּיל אַנַאנְצֶע מַאדַאם , גִילֶעבְּט אַנְלֶיקְלִיכָען טָאג , גִיזֶעוּ,
לִיבְּטִינְגֶע דִיא שֵׁיינֶענְדִינְגֶע זוּהן , מִיט בֵּיידֶע אוֹיגֶען ; זִיא הָאט גֶעמֵיינְט,
אַז אִיר קוּמְט דָאס אַזוֹי ! וִויא קָאן דָען אַנְדֶערְשׁ זַיין ? דִיא יוּנְגֶע מַאדַאם
בֵּיילְקֶע הָאט טַאכֶע בְּעֵת מַעֲשֶׂה פַאר רִיסְקָען דֶעם מִיאוּסָען נֶעזִיל אִין
דֶער הוֹיךְ , אוּנ הָאט מִיט אַשְׁמֵייכֶעלֶע אַרָאפּ גִיקוּקְט אוֹיף אִיהרֶע
חַבֶרְטָעס . . . וִויא זִיא וָואלְט זָאגִין : „וֶוער זַיינְט אִיר ?“ וִויא קוּמְט אִיר
צוּ מִיר ? הָאט אִיר אוֹיךְ בְּרוּכְלֶען , רבי נֶעצִיל הֶענֶעכְּס פַאר אַמַאן ?
הַא ? ... מִיט אַמָאל , סַךְ הַכֹּל פַאר קַארְגֶע 2 יָאהר צַייט , אִיז גִיוָוארִין
אַנַאנְצֶע אִיבֶּער קֶערֶענֶעס, דֶער מִזְרָח אִיז אַרַיין גִיקְרָאכִין אִין מַעֲרִיב...
פוּן טָאג , אִיז גֶעוָוארֶען נַאכְט , פוּן לִיכְטִיג פִינְסְטֶער , פוּן זִיס בִּיטֶער !
פוּן דִיא גַאנְצֶע עֲשִׁירוּת הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶעלָאזֶען אַטַייךְ , פוּן דִיא 10
טוֹיזֶענְט רוּבִּיל נַדַן גֶעלְט , אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אַבְּרָכָה אַחְרוֹנָה ...
דֶער מַאן הָאט זִיא אַוֶועק גִיוָוארְפֶען , אוּנ אִיז אַנְטְלָאפִין מִי יוֹדֵעַ וואוּ ?
דֶער שְׁוֶוער הָאט זִיא מְשַׁלֵחַ גִיוֶועןן , אוּנ זִיא אִיז צוּרִיק אָנְגֶעקוּמֶען צוּם
טַאטִין , נָאר נִיט אַיינֶער אַליין , וִויא זִיא אִיז פוּן אִים אַוֶועק , נָאר מִיט
עֶטְלִיכֶע נְפָשׁוֹת ! . . . ביילקעלע הָאט זִיךְ אִיצְט אוּמְגֶעקוּקְט , אוּנ דֶער
זֶעהֶען , אַז זִיא אִיז שְׁפֶּעלֶער , נִידֶערִינֶער פוּן אִירֶע אַלֶע פְרִיעֶרְדִינְגֶע
חַבֶרְטָעס . . . זַייא זַיינֶען אַלֶע הֶעכֶער , גְלִיקְלִיכֶער פוּן אִיר ... זֵיי לֶעבֶּין
יֶעדֶער מִיט זַייעֶרֶע מַאנֶען אוּנ קִינְדֶערְלֶעךְ , בְּשָׁלוֹם וְשַׁלְוָה ... נָאר . . .
זִיא אִיז עֶרְנִידֶערִיגְט בִּיזִין שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה ... צוּ אִיהרֶע צָרוֹת אִיז נִיטָא
קֵיין גְרוּנְד ... אוּנ אַלֶע שְׁפָּאטִין, אַלֶע לַאכִין פוּן אִיר , זֶעהֶן אָן אִיר דִיא
גְרֶעכְטֶע נְקָמָה ... אוּנ דֶערִיבֶּער , אִיז זִיא גִיזֶעסֶען טָאג וִויא נַאכְט בַּייא
זִיךְ אִין צִימֶער , בַּאקְלָאגְט בַּאוַויינְט אִיר בִּיטֶערִין מַזָל ; נִיט גֶעוָואלְט
אַרוֹיס טְרֶעטֶען אוֹיף יֶענֶער זַייט שְׁוֶועל ; זִיא זָאל זִיךְ חָלִילָה נִיט
בַּאגֶעגֶענֶען מִיט קֵיינֶעם ... קֵיינֶער זָאל זִיא זֶעהן , אוּנ זִיא קֵיינֶעם נִיט !
אִיר פְרִיעֶרְדִינְגֶער שְׁטָאלְץ , אִיר אַמָאלִינְגֶע גַאֲוָה זַיינֶען גִיוֶוען דִיא הָאלְץ ,
צוּ אִירֶע פַייעֶרְדִינְגֶע וַוייטָאגִין , צוּ אִירֶע גְרוֹיסֶע יְסוּרִים , אוּנ הָאבִּין צוּ
בְּרֶענְט , צוּ שְׁמָאלְצִין , אִיר הַארְץ . . . שוֹין 5 יָאהר , וִויא עָס אִיז נִיט
„דוּבֶע“ „נִיסְלוּכֶע“ נִיטָא פוּן בְּרוּכִין קֵיין בְּרִיף קֵיין יְדִיעָה ; אוּנ זִיא זִיצְט
בַּיים טַאטִין , וָואס אִים אִיז נֶעבֶּעךְ אוֹיךְ אַוֶועק שְׁלִים שְׁלִימַזָל , מִיט

(אויס ראמאן)

די קינדערלעך, וואס ווילן עסן נאך מער ווי אלע קינדער, וואס אויף זייא בייסט, און פליקט, מער ווי אויף אלע קינדער! און זיא קאן דאס ניט זעהן ... איהר הארץ פוילט ... איהרע כוחות גייען אויס ... ביילקע קוועטשט איהרע צרות אויפין הארצין, זיא איז קראנק ווי אלע קראנקע; נאר נענוג, מער האט זיא ניט קיין הארץ, קיין לונג, זיא ליגט שוין, כמעט 3 חדשים צייט, אויפין בעט, און ווארט אויפין טויט!..

און עס קען זיין, זיא וואלט נאך געצויגען ... זיא וואלט נאך איינינע חדשים גילעבט אויף דער פינסטערער וועלט, ווען איהר טאטע וואלט איר ניט געוויזען דעם בריפעלע וואס ער האט ערהאלטען... און אפשר קאן מען איהם, ביילקעלעס טאטין אויך ניט שטארק באשולדיגען; דער דאזינער בריפעלע, האט אים געריהרט ביים זינען, ער איז שיעור משוגע געווארען, פון יסורים, פון גרויסע צרות, ווייא א טבול בעלער איז ער אריין געלאפען, צו ביילקען, מיט א שטיקעלע פאפיר, וואס איז גיוועזען ווייא אויס געשניטען פון א בריף, באשריבין מיט עטליכע שורות, און האט געזאגט: איצט מיין טאכטער, ווייסין מיר שוין דעם ברעג ... דעם גליקליכען סוף! ... הער וואס ער שרייבט!

„און זייא מודיע מיין גיוועזענעם שווער, אז איך האב שוין חתונה גיהאט; אויב זיין טאכטער וויל גט, וועל איך צו שיקין, די קינדער זיינען איהרע, אז זיי וועלין גרויס ווערין וועל איך זייא צו נעמען! ...

— צו וועמען שרייבט ער דעם בריף? ... האט ביילקע מיט דיא לעצטע כוחות גיפרעגט. — דעם בריף האט ער גישריבן צו זיין טאטין; נאך פאר שבת, איז ער אוועק גיפארען צו אים ... ער איז, אזש ... מעבר לים ... און דיא עטליכע שורות האט רבי נעציל העניך, דער ירא שמים, אויס געשניטען פון בריף צוא געשיקט אונז, טאמער ווילסטו גט נעמען ... — ניין, טאטע! ... איך נעם ניט קיין גט ... גיב מיר דיא שטיקעלע פאפיר ... — און ביילקעלע האט גענומען פון טאטינס האנד די שטיקעלע פאפיר בעטראכט. געקוקט אויף ברוכס האנד שריפט ... און דער נאך, האט זיא צו ריסען, צו פיצעלט, צו קייט מיט דיא ציין, מיט די גרעסטע שנאה, מיט דעם שטארקסטען כעס; און דער נאך איז איר קאפ אהינטער גיפאלען אויפין קאפ קישין, און

איז לִיגְן גֶעבְּלִיבֶּען, כִּמְעַט אַמוּיסְטָע אָנְגִישְׁטָארְבֶּענֶע ! — זִיא אַלִיכְט
וָואס דִי גַאנְצֶע חַלָב, הָאט שׁוֹין דֶער פֵייעֶר אוֹיס גֶעשְׁטָאלְצִין, פַאר-
צֶערְט, אוּנ אָט, אָט, בַּאלְד וָועט זִיא פַארְלָאשִׁין וָוערִין, אוֹיף דֶעם
אוֹיפֶן אִיז אִיצְט גִיוָועִן בֵּיילְקֶעלֶע; נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע יְדִיעָה, הָאט זִיא
שׁוֹין גִיצֵיילְט דִיא מִינוּטֶען . . . אוּנ הָאט גֶעוואוּקְט אַז נִיט מֶער, וִויא
נָאךְ אַטָאג, נָאךְ אַטָאג, וָועט זִיא נִיט לַיידִין . . . אִיר לֶעבֶּען לֶעשְׁט
זִיךְ אוֹיס . — צְוַויי טָאג נָאךְ דִיא עֶרְהַאלְטֶענֶע בְּשׂוֹרָה, נַיין אַזֵיינֶער
אָוֶועְנְד צַייט הָאט בֵּיילְקֶעלֶע צוּ גֶערוּפֶען דֶעם טַאטִין צוּם בֶּעט, אוּנ
הָאט צוּ אִים גֶעזָאגְט: פַאר דַיין אַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע קִינְד, לָאז אִיךְ דִיר
אִיבֶּער דְרַייא . . . זַייא דוּ זַייעֶר טַאטֶע אוּנ מַאמֶע . . . דֶער נָאךְ הָאט
זִיא צוּ גֶערוּפֶען, יֶעדֶער קִינְד בֶּעזוּנְדֶער, גֶעלֵייגְט דִי הַאנְד אוֹיף זַייעֶר
קָאפּ, נִידֶערִיג גִיבֶּענְשְׁט, זַייא גִיבֶּעטִין גֶעדֵיינְקְט אַייעֶר מַאמֶען . . .
יֶעדֶער קִינְד גִיקוּשְׁט . . . אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען אָן כֹּחַ . . . מִיט צוּ-
גֶעמַאכְטֶע אוֹיגֶען . — דֶעם זֶעלְבִּיגֶען אָוֶועְנְד, צְוֶועלְף אַזֵייגֶער, אִיז
בֵּיילְקֶעלֶע נִישְׁטָארְבֶּען ! . . בִּיז טָאג, אִיז שׁוֹין בֵּיילְקֶעלֶע גִיוָועִן, אִין
אִיר עֶווִיגֶע רוּה . . . אַגְרוֹיסֶער אַשְׁוֶוערֶער בַּארְג עֶרְד, הָאט צוּ גִידֶעקְט,
אִידֶע גְרוֹיסֶע צָרוֹת, אִיר צוּ בְּרָאכֶענֶע פַאר וואוּנְדֶעטֶע הַארְץ ! . . .
אוּנְגְלִיקְלִיכֶע בֵּיילְקֶע, דַיינְס בִּיזְט דוּ שׁוֹין אִיבֶּער גִיקוּמֶען !

## .5

## דִיא קַאסָאקֶע מֵיידֶעלֶע.

הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, הָאט זִיךְ פָּארְט מְרַחֵם גִיוָועִן אוֹיף מִיר, אוֹיף מַיינֶע
אַלְטֶע יָאהר ! . . הָאט ר' גֶעצִיל הֶענֶעךְ גֶעזָאגְט, צוּ זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד
וָואס זַיינֶען גִיקוּמֶען, אִים אַרוֹיס בַּאלֵייטִין, אִין זַיין וַוייטֶע נְסִיעָה;
אוּנ זִיךְ גֶעזֶעגְנֶען מִיט אִים אוֹיף עֶווִיג ! וָוארוּם נָאט וַויים, אוֹיבּ מֶען
וָועט זִיךְ אַמָאל זֶעהְן, דָא אוֹיף דֶעם עוֹלָם.

— נִיט מַיינְט, מַיינֶע לִיבֶּע פְרַיינְד, הָאט ר' גֶעצִיל הֶענֶעךְ גִיזָאגְט:
אַז פִינְף יָאהר, נִיט הָאבִּין פוּן אַיין אוֹיג אִין קָאפּ, פוּן אַיין אַיינְצִיגֶען
קִינְד, קַיין בְּרִיף, קַיין יְדִיעָה, אִיז אַקְלֵיינִיקַייט ! דָאס קָאסְט מִיר גִיזוּנְ
גֶעזוּנְד . . . אִיךְ בִּין פַאר דִי פִינְף יָאהר צַייט, גְרָאה אוּנ אַלְט גֶעוָוארִין,
אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעמֵיינְט, אוּנ גֶעזָאגְט: כִּי אֵרֵד אֶל בְּנִי אָבֵל שְׁאוֹלָה ! . .
(אוֹיס רֵאוּבֵן)

וּוִיא

דיא יעקב אבינו ; מיט אמאל , קומט מיר אן אגריף , מיט פונקציג רובל געלט , מיט אשיף קא־מע , פאר טאטע צו מיר !..״

דער גאנצער וואכעדאר עולם , איז געוועזען זייער גערידט , אט איצט האבען זייא ארויס גיזעהן , אז עס וועט טאקע זיין פנה הודה פנה הדרה ! עס פארט אוועק דער רעכטער גלאנץ , די רעכטע שיינקייט פון וואכערא . . . אט אין דיא לעצטע מינוטען איז ר׳ נעציל הענעך גיוועזען בייא זייא אלעמען אזוי ליב , אזוי טאייער , אז זיי וואלטין גאר ניט וועלין ער זאל פון זייא אוועק פארין .

ר׳ נעציל הענעך האט זיך מיט אלעמען צו זענענט , מיט אלעמען געקושט ; אלע זיינע חפצים זיינען שוין גיוועזען פאר פאקט אונ פאר בונדין ; ער האט זיך גישטעלט אונ אפ גיזאגט דיא תפילות הדרך , אז השם יתברך , זאל אים צו שיקען , גוטע וואגאנעס , מיט גוטע פארע־האדין , מיט גוטע ווינטען , מיט גוטע וועטערין , אונ קומענדיג צום זוהן , זאל ער געפינען אלעס גוט ! אונ ר׳ נעציל הענעך געלט ליב , איז אוועק גיפארין ; ער האט אפילו חשק גיהאט , אז מארגין זאל ער שוין זיין ביים זוהן . . . נאר , וויא אונז איז בעקאנט , האט ער נעבעך קיין גליק ניט צום חשק ; אונ אזוי וויא דעם שם המפורש , פון קפיצת הדרך , האט ער ניט גיקאנט , אונ די מאשעניסטין פון די באהנען אונ פארע־האדין , קאנען אים אויך ניט , דעריבער האט ר׳ נעציל הענעכ׳ס נסיעת געמוזט גידויערין קארגע דרייא חדשים , ביז ער איז גיקומען אין קאפ־שטאדט אין אפריקא , די שמחה פון טאטין , מיט דעם זוהן , איז גיוועזען זייער גרויס ; אין יענע גליקליכע מינוטין , וואס זייא האבין זיך דער זעהן , האבין זייא פארגעסין , זייערע אלע צרות , זייערע אלע יסורים . נאר וויא גרויס ברוך׳ס שמחה איז גיוועזען מיט דעם טאטין , דארף מען פארשטעהן , איז דעם טאטינס פרייד אסאך מאל גרעסער גיוועזען ; זעהענדיג ווי זיין ברוך , זיין בן יחיד , וואס האט זיך אלע מאל גיהאלטין ביים טאטינס פאלע ; וואס האט מודא גיהאט ארויס שטעקין בייא נאכט , דעם נאז , פון אונטערין קאלדרע ; אט דער בן יחיד , האט דורך גערייזט אשטיק וועלט , זיך געבארעט , גערעאנגעלט מיט אלע סבות , אונ זיך צו געשלאגין צו אתכלית , געווארין אגאנצער לייט !..

(אוים ראמאן)

אונ

אונ אין אָסתּ׳ן, האָט בּרוך גֶעלְט-ליב, פֿאַר דיא פֿינף יאָהר צייט, וואס ער איז אַהער אָנגעקומען, דאָסטינאָיעט זייער אַסאַך. אויף אים כּאַגְמען זאָגען, ער האָט דאָ גיפונען זיין מַזָל, זיין גְליק! מיט פֿינף יאָהר צוּ ריק, בְּעֵת בָּרוך איז אָנגעקומען אַהער, איז ער גיוועזען זייער אָרעם, אונ האָט זיך נישטעלט בּיים גְביר ליבנר אין קְלֵייט, פֿאַר אַקְלֵיין געהאַלט, וואס קיין קְלענערע געהאַלט האָט ניט איינער פֿון אַלע דינער גינומען . . . אונ פֿאַר אַקורצער צייט, פֿאַר איין האַלב יאָהר, האָט ער אַלעמען דער יאָגט . . . אונ דעם אַנדער האַלבּען יאָהר אַלעמען איבּער גֶעיאָגט . . .

תְּחִילַת האָבּין זיך אַלע געחדושט, מיט וואס פֿאַר מַעֲשים טובים מאַכְט ער אַלע טאָג? מִימֵי וואס איז ער אַזוי נושא חן בּיים גְביר אונ בּייא זיין פֿאַמיליע. נאָר דער נאָך האָבּין זיך אַלע דער וואוסט, טייל בָּרוך איז אַתַּלְמוּדיסט, אונ דער גְביר ליבנר איז אויך איינער פֿון דיא גְרעסטע תַּלְמוּדיסטין; אונ ווייל דא היא זיינען ווייניג דאָ, כְּמְעַט טאָקע גאָר ניט, אַזעלכע מענשין, וואס דער הער ליבנר, זאָל קענען מיט זיי פֿאַרבּרייגען, זיך דורך ריידין אין תַּלְמוד, אונ אַגב אורחא ווייזין יענעם, ווער ער איז; דעריבּער איז בָּרוך געלְטליב בּייא אים אַזוי חָשוב, נֶעאַכְט אונ טייער . . .

אונ בָּרוך איז אָפּ גיוועזען בּיים גְביר ליבנר צְווייא יאָהר צייט. אונ האָט אויסְפּייעט זיך אויס לערנען דיא ענגלישע שפּראַכֶע, אונ נאָך איינינע לְשונות, מיט די דאָפּעלע איטאַליענישע בּוכהאַלטעריע, אונ איז גיוואָרין בּיים גְביר כָּל וָכָל. — דער גְביר האָט דער קאַנְט בָּרוכ׳ן מיט זיינע אַלְטע מַעֲלות, אַז אַזעלכע יונגע לייט, וואַלגערין זיך ניט אויפֿן מישט . . . אַזעלכע יונגע לייט, דאַרפֿין האָבּין אַזעלכע הענד, וואס זאָלען זייא שרייבין . . . דאַן וועלען זייא זיין דיא גְלענצענדע סוחרים, דיא גְלענצענדע גישעפֿט פֿיהרער, מענשין צו גאָט אונ לייט, מענשען וואס מען וועט קענען זיך ריהמען מיט זיי! . .

דער גְביר האָט איבּער גיגעבּען זיינע געדאַנקען זיין פֿרויא, את זיין טאָכטער, דיא ליבּע, דיא קלוגע אונ שאָהנע, לאַה; דיא זאַך איז בּעשטימט גיוואָרין; בָּרוך׳ס קאַנגלאַסיע, איז געוויס ניט

אנקומען מיט גרויסע שטעריקייטען ; דיא יונגע לייט ווינשען זיך
געוועזען ניפעלען , מען האט געמאכט אקנס מאל , אונ אין געבען
חתונה ; דער גביר ליבגר , האט גירוינדעט פאר דיא פאר פאלק אנייא
גישעפט ; אונ דיא הצלחה האט פון זייא ניט אפ גיטראטען דער
גישעפט איז געוואקסען , ניט פון טאג צו טאג , נאר פון מינוט צוא
מינוט ; פאר דעם ערשטען יאהר , האט דער חשבון פון סוף יאהר
גיוויזען פרנסה דרייא טויזענט רובל ; אונ דער האפפונג האט
דיא אלעמען געשמייכילט אז סוף צווייטען יאהר וועט זיין דרייא
מאל כער פרנסה .

אונ זייא האבין זיך ניט גענארט , סוף צווייטען יאהר , האט
דער חשבון אן געוויזען רווחים צעהן טויזענט רובל ; אונ מיט אצוגאב ,
וואס איז נאך מער ווערט ; דיא מאדאם לאה געלט-ליב , האט
גיבוירען אטאכטער ! דיא שמחה איז גיוועזען זייער , זייער גרויס !
אקליינקייט אזא צייט , האט זיא ניט געקינדילט . . . מע האט שוין
געמיינט , אז זיא בלייבט חלילה איינע עקרה . . . אונ קיין קדר ,
אדער לפחות אזנאכער , איז אין יענע ווילדע מקומות ניט פאראן ;
אשטיינער איז צו דעם זיידינס אונ באבעס פרייד , אונ צו דיא שמחה
פון טאטע מאמען , גיוועזען , אונ צו בעשרייבען . —

ברוך איז מיט זיך , זייער צופרידען ; ער דער קאנט זיך אליין
ניט , צו ער איז דער זעלבינער ברוך , וואס עפעס אמיאוסע ווייבל ,
פון „יענער וועלט" האט אים צו זיין חדשים געשאנקען אצווילונג . . .
אונ זיך אנגענומען צרות איבערען קאפ ! . . . צו צווייא יאהר איין
טאכטער , ווען אפילו זיא איז דווקא נים , קיין יפת תאר ; עבט
שווארץ , אונ קאקאקע אויף ביידע אויגלעך , איז פרייליכער , פון
אצווילונג צו זיין חדשים !

אונ אט אזוי זיינען איבער גילאפין פינף יאהר , צייט ברוך
איז אנגיקומען אהער ; ער איז פון דיא ערשטע פארנעמסטע רייכע
אונ געבילדיטע יונגע לייט ; געזונד אונ רייך , כבוד מיט געלט , האט
ער מער וויא געוואונשען ; אט האט זיך אים איצט פאר וואלט , אז
זיין טאטע זאל דאס אויך זעהן , אונ ניט נאר זיין טאטע , נאר אלע

(אוים ראמאן)     וואבעראר

וואכֶרָאר . . . אַלְלֶע זַיְינֶע בְּעקַאנְטֶע ; אונ ווייל דָאס אִיז אוּמְ־מֶעגְלֶעך , לְפָחוֹת זָאל דֶער טַאטֶע אַליין זֶעהְן , אונ הָאט אִיהם אַרָאפּ גִיבְּרַאכְט .

שוין אַחוֹדֶשׁ צייט , ווִיא רַבִּי נָעצִיל הֶענָעךְ אִיז דָא בַּיים זוהן , אונ קְוֶועלְט אָן פוּן בְּרוּךְ׳ס ווייבֶּל , זַיין שְׁנוּר ; פוּן דָאס טְהייעֶרֶע אֵיינִיקֶעל , דִיא קַאפָּאקֶע מֵיידֶעלֶע ; פוּן בָּרוּךְ׳ס עֲשִׁירוּת , פוּן בָּרוּךְ׳ס כָּבוֹד ; אונ פוּן בָּרוּךְ׳ס שְׁוֶוער אונ שְׁוִוינֶער ; הַכְּלָל עֶר אִיז בֶּעפְרִידִיגְט !

אונ ווִיא עֶס ווייזְט אוֹיס , הָאט זִיךְ רַבִּי נָעצִיל הֶענֶעכְס מַזָל , אויךְ דָא גֶעוואַלְגֶערְט ; אונ אויף אִיהם גֶעווארְט , אַצייט יָאהְרֶען , הָאט רַבִּי נָעצִיל הֶענֶעךְ זִיךְ אוֹפְּגֶעטְרָאגֶען מִיט זַיינֶע סְמִיכוּת אויף רַבָּנוּת אִין בּוּזֶעס , ווִיא אַ הוּן מִיט דֶער אֵיי , אונ נִיט גֶעפוּנֶען , נִיט גֶעקְרָאגֶען קַיין אָרְט ; אונ דָא הָאט עֶר בַּאלְד , אויף דֶעם צְווייטֶען חוֹדֶשׁ , נָאךְ זַיין קוּמְעֶן , בֶּעקוּמֶען ווָען אֲפִילוּ נִיט אִין קַיין גְרוֹיסֶע קְהִילָה , אָבֶּער זַייעֶר אַגוּטֶען אָרְט , בַּייא פֵיינֶע בְּרייטֶע מֶענְשֶׁען , וָואס מֶע הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען שְׂכִירוּת אַיָאהר , ווִיפִיעל צֶעהְן רַבָּנִים בַּאקוּמֶען אִין וָואכֶערָא מִיט אִיהר סְבִיבָת ; ווִיא דֶער טַאטֶע אַזוֹי דֶער זוהן , הָאבֶּען פַאר גֶעסֶען , אויף גַאנְץ וָואכֶערָא מִיט אִיהְרֶע אַלֶע מֶענְשֶׁען ; זַייא הָאבֶּען אֲפִילוּ קַיין מָאל נִיט דֶערְמָאנְט אויף יֶענֶע צְוֶועלְבֶע נְפָשׁוֹת , וָואס הָאבֶּען מִיט זַייא אַשְׁטִיקֶעלֶע שַׁיְיכוּת . . .

זַייא הָאבֶּען גָאר נִיט בֶּעמֶערְקְט ווִיא דִיא צייט לוֹיפְט , ווִיא זִיא רוּקְט זִיךְ אָפּ מִיט גְרוֹיסֶע טְרִיט ; יֶעדֶער אִיז גִיוָוען פַארְנוּמֶען מִיט זַיינֶע גְלִיקְלִיכֶע עֲסָקִים ; דִיא רֶעכְטֶע סִימָנִים . וָואס דִיא צייט הָאט בֶּעצייכֶענְט אִיר „אָפּ לוֹיפֶען“ אִיז גִיוֶוען , וָואס רַבִּי נָעצִיל הֶענֶעךְ , אִיז גֶעוָוארֶען אַגְרייז גְרָאעֶר זָקֵן . . . בָּרוּךְ אִיז אויךְ הִיפְּשׁ גְרָאהְלֶעךְ גִיוָוארֶען אונ דִיא קַאפָּאקֶע מֵיידֶעלֶע , אִיז שוין בַּייא אַ זֶעכְצֶען , זִיבְּעצֶען יָאהר , שוין צייט פַאר מַאטֶע מַאסֶע , אָנְגֶעהייבֶּען מִיַאכְטֶען . . . בִּפְרָט וִיא אִיז אַבַּת יְחִידָה .

(אוים ראמאן) צווייא

## 6.

### צְווייא דַאמְסְקָע שְׁנַיידֶער.

יֶעדֶער „שְׁפְּרִיכְ-וָוארְט” וָואס אַ וָועלְט מֶענְשִׁין זָאגִין; אִיז עֶ־נֶעוִוִיס רִיכְטִיג, גֶעוִויס אֱמֶת! וָוארוּם יֶעדֶער „שְׁפְּרִיכְ וָוארְט” דָאס פַּאר זִיךְ, גֶעהַאט, אַפַּאךְ נְסְיוֹנוֹת אַפַּאךְ עֶרְפַּארוּנְגֶען, בִּיז מֶען אִיז גִיקוּמֶען צוּ אַגֶעוִויסֶע בֶּעשְׁטִימוּנְג אַז אַזוֹי אִיז דָאס; אוּנ אוֹיךְ דִיא בַּייא אַלְלֶעמֶען בֶּעשְׁטִימְטֶע זַאךְ, אִיז גֶעוָֹרִינְדֶעט גִיוָוארֶען דֶער וָוערְטֶעל.

מֶע מוּז אָבֶּער מוֹדֶה זַיין, אַז מִיט דֶער צַייט, בַּייט זִיךְ דִיא נַאטוּר, אוּנ מִיט דִיא נַאטוּר, בַּייט זִיךְ, דִיא רִיכְטִיגְקַייט פוּן דִיא שְׁפְּרִיכְ-וָוערְטְלִיךְ. אַפַּאךְ מָאל הֶערִין מִיר, וִויא דֶער עוֹלָם זָאגְט: אַפּוֹיעֶרְשֶׁער וָוערְטִיל, אִיז לְהַבְדִיל אַתּוֹרָה... אוּנ מֶע מוּז זָאגִין אַז דִיא תּוֹרָה, — נִיט חָלִילָה דִיא עֶצֶם תּוֹרָה — בַּייט זִיךְ אוֹיךְ מִיט דִיא נַאטוּר.

דֶער פָּסוּק, „כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים” אִיז אֲפִילוּ נִיט פוּן דִיא „אַתָּה הָרְאֵתָ” פְּסוּקִים; דָאךְ אִיז עֶר אַלְלֶעמֶען בֶּעקַאנְט. מִיט זַיין אֱמֶת'ן פְּשַׁט. וואו אַיינֶער דַארְף אָנְקוּמֶען צוּם צְווייטִינְס רַחֲמָנוּת, בֶּעט עֶר, הָאב אוֹיף מִיר רַחֲמָנוּת — כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים!; אַז מִיר בֶּעטֶען בַּיים רבש״ע עֶר זָאל זִיךְ אוֹיף אוּנְז אַלֶעמֶען עֶרְבַּארֶעמֶען, אוּנ כְּדֵי דֶער רבש״ע זָאל וִויסֶען דִיא מָאס, דֶעם שִׁיעוּר, וִויא גְרוֹיס זַיין רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּנְז זָאל זַיין; וַוייזֶען מִיר אִים אִין דֶעם פָּסוּק „כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים!” מַשְׁמַע, וַוייל מִיר זָאגֶען „כְּרַחֵם אָב” אוּנ נִיט „כְּרַחֵם אֵם עַל בָּנִים!” אִיז אַטַאטִינְס רַחֲמָנוּת אוֹיף קִינְדֶער, גְרֶעסֶער, שְׁטַארְקֶער, אוּנ מֶערֶער פוּן אַמַאמֶעס רַחֲמָנוּת; הַא? וִויא מֵיינְט אִיר? דָאס אִיז רִיכְטִיג?... אֱמֶת? אָדֶער נַיין!

אִיךְ מֵיין, אַז אַלֶע וָועלִין מַסְכִּים זַיין, אוֹיף הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְט מָאל „נַיין!..” וַוייל דִיא רִיכְטִיגְקַייט פוּן דֶעם פָּסוּק, אָדֶער „שְׁפְּרִיךְ-וָוארְט” הָאט זִיךְ אִין גַאנְצִין גֶעבִּיטֶען!

(אוּים ראמאן)

וואס דארפין מיר ווייט זוכען, אז מיר האבין אריכטיגען בילד, אין אמת'ן בעווייז פאר אונזערע אויגין. אט איז שוין קרוב צו 18 יאהר, וויא ברוך'ל נעלט-ליב, איז אוועק פון זיין ווייב מיט דריא דריי קינדער, אין פרחקים; אונ איז ברוך השם, אגרויסער עשר; זיין הצלחה גייט אים דורך טיהר אונ טהויער; אונ וואלט גיקאנט גוטעס גאן, ניט נאר דיא „קאפאקע מיידעלע" אליין, נאר נאך צעהן קינדער!

זאגט אבער דעם אמת, האט ווער גיהערט פון אים, ער זאל זיי ווען ניט איז דער מאגען? לאז זיין, פון אנפאנג, האט ער מורא גיהאט... ער האט זיך גישעמט פאר זיין ווייבל, פאר זיין שווער אונ שוויגער, אונ האט זיך געהיט ווי א אצבוע'יאק מיט אטרפה קאלבאסע אין אתענגות... אבער דער נאך, אז ער איז שוין גיווארין אזעלבסט-שטענדיגער מאן, האט ער דאך שוין יא גימעגט עפעס געבען אבאגה, אטראכט, אקלער ווענען יענע „לעבעדיגע יתומים!" זייט אים שוין כוהל, וואס ער האט דיא ווייבל ניט אפ געשיקט אגט, הגם ער וויים ניט אז זיא איז שוין לאנג, פון אים פרייא; אבער דיא קינדער, זיין בלוט אונ פלייש, אונשולדיגע נשמות, וואס ער, נאר ער, האט זייא ארויס גערופען, פון זייער מנוחה, אויף דיא צרה'דיגע וועלט; פאר וואס האט זיך בייא אים ניט גיפונען איין איינציגע פונק רחמנות אויף זייא?.. וויא לעבען זייא? זיינען זייא ניט הונגעריג דארשטיג, הויל נאקעט?.. האבען זייא חאטש, וויפיל ניט איז אשטיקעלע רעכטע ערציהונג? פון וועמען האט ער ערווארטעט פון ארעמען שווער, אדער פון דיא אונגליקליכע מוטער! נו? וואס זאגט איר, איז דא פאראן כרחם אב על בנים?.. האט דען דיא אונגליקליכע מוטער, ניט מער עבאגעט, גיקלערט אונ גיטראכט, וועגין דעם עלענדין סוף פון אירע יתומים. — ניין, מיינע ליבע! אטאטע, איז נאר אטאטע בעת דיא מאמע לעבט, אונ בעת ער איז דער בייא... זיינע אויגען זעהן, דער וועקט זיך אין הארצען, אקאפעלע מיטלייד, אפונק רחמנות, אונ אפאר פינקען — בושה... אונ דאס איז, דער גאנצער כרחם אב על בנים, אין אונזערע צייטין...

(אויף ארענדע)

נאר

נאר . . . עס איז ניט דא א-כלל, אן א יוצא מן הכלל! ניט אלע טאטעס זיינען אזוי וויא ברוך נעלט-ליב; עס איז דא אטאטע, וואס מיר ווייסען אלע, אטאטע אן פניות . . . אן איינענעם אינטערעס, מיט אסאך אמת'ע רחמנות, וואס ניט גרוים השגחה יעדער ווײלע, יעדער מינוט, אויף אלע ארעמע, פאר לאזענע, פאר געסענע, אונגליקליכע יתומים. — דער טאטע איז נאט אליין, דער הימלישער פאטער!

ביילקעלע, קיהקט שוין לאנג דיא ערד; אונ ר' חייקל פייטל, איז אלעבעדינער טויטער, ארעם וויא טטום; אונ ווען ניט דיא וואכעראר תלמוד תורה וואלטען דיא קינדער אפילו דאוונען ניט גיקאנט.

ביז צעהן יאהר אלט, איז דער עלטערער יינגעל יענקעלע „גינאנגען" אין תלמוד תורה; אונ טאקע ניט מער ווי „גינאנגען" אבער לערנען, האט ער ווייניג גילערנט; אביסילע זיינען דיא מלמדים שולדיג, אונ דרייא ביסעלעך, איז ער אליין שולדיג; ער האט פשוט ניט געוואלט, אונ איז אויסגעוואקסען אווילדע זאך, ווי אווילדער בור'יאן.

טייבעלע, איז אביסילע אפגעקומען אויף אירע יונגע קינדערשע יאהרין. פון זיבען יאהר אלט, איז זיא שוין גיווען אנאינגקע בייא פרעמדע מענשען . . . נעדינט ביז אכטער פופצעהן. דער נאך, האט זיא פאסטופעט צו אמאדיסטקע, או'ס גילערנט נוט דיא מלאכה, זיך פאר דינט עטליכע רובל, אונ מיט דיא הילף פון קלענערין ברודער'ל מענדעלע האט זיא חתונה גיהאט, פאר אפיינעם ערליכען יונגען מאן, אונ לעבט אויף דער וועלט, בעסער פון איר מאמען עליה השלום. דער רעכטער שפיגל, פון דייא אלעמען איז גיווען מענדעלע; ער האט גיהאט. אי חשק, אי גוטע קפאקאבנאסטין צום לערנען ער האט גיקאנט רוסיש, דייטש, אונ איבער הויפט העברייעש, אונ ווערענדיג צום אכטצעהען יאהר אלעתרער, האט ער פארדינט עטליכע רובל, וועלכע ער האט אפ גינעבין דיא שוועסטער פאר איר חתונה; אונ עטליכע רובל זיך גילאזען אויף הוצאות הדרך.

צווישען מענדעלעס אלע מעלות, האט ער גיהאט איין חסרון; ער איז גיווען איין „אונרוהיגער", ער האט ניט גיקאנט זיצען אויף

אַיין אָרט; וואָהנֶען אִין אַיין דִירָה, קֶעלֶער אִין אַיין שְׁטָאדְט, הָאט עֶר נִיט גִיקָאנְט; אַמָאל דָא, אַמָאל דָארְטְען, אַחוֹדֶשׁ אִין דִיא דִירָה, אַחוֹדֶשׁ אִין דִיא צְווייטֶע . . . אונ אַזוֹי כְּסֵדֶר; עֶר הָאט חֵשֶׁק גִיהַאט, צוּ פְלִיהֶען, צוּ רייזֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט . . . זֶעהֶן אונ הֶערֶען . . . עֶר הָאט גִיוואוּסְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע מִיט זַיין טַאטִין, פוּן זַיין זֵיידִין הַייקֶל פַייטֶל, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז זַיין טַאטֶע אִיז אַוֶועק מֵעֵבֶר לַיָם, אונ אִין זַיין יוּנְגֶע הַארְץ, הָאט גִיבְּרֶענְט אַזַא פַייעֶרְל, וָואס הָאט אִים גֶעשְׁלֶעפְּט גֶעצְווינְגֶען, גֶערִיסֶען, עֶר זָאל פָארִין מֵעֵבֶר לַיָם!

אונ קוים אִיז מֶענְדֶל אִיבֶּער גִיקוּמֶען גְלִיקְלִיךְ זַיין פְּרִיזִיוו, מִיט אַהוֹיכֶען זְשֶׁערְבּ, הָאט עֶר זִיךְ מֶער נִיט גֶעזוּמְט, אונ הָאט זִיךְ מַכִין גִיוֶוען צוּ זַיין נְסִיעָה.

—„דֶער הוֹיכֶער זְשֶׁערְבּ מַיינֶער, אִיז מַיין סִימָן, אַז גָאט וִויל, אִיךְ זָאל פָארִין ‟ הָאט מֶענְדִיל גֶעזָאגְט צוּ זַיין שְׁוֶועסְטֶער אונ שְׁוָואגֶער, בַּיים גֶיזֶעגֶענֶען זִיךְ מִיט זֵייא.— „דַאגֶעט נִיט, אַז גָאטְס רָצוֹן וֶועט זַיין דֶער בַּייא, וֶועלִין מִיר זִיךְ ווידֶער אַמָאל זֶעהֶן! . .„

נָאךְ אַנְסִיעָה פוּן אַיינִיגֶע וָואכֶען צַייט, הָאט זִיךְ מֶענְדֶעלֶע קָאלְט-לִיבּ (עֶר הָאט זַיין פַאמִילִיֶע נָאמֶען גִיוֶועקְסִילְט, ווייל עֶר הָאט גִיזָאגְט, אִיךְ לִיבּ נִיט קֵיין גֶעלְט, בֶּעסֶער לִיבּ אִיךְ קָאלְט . . .) בֶּאגֶעגֶענְט אוֹיפֶען פַארְעֶהָאד, מִיט נָאךְ צְווייא יוּנְגֶע לַייט, פוּן מִינְסְקֶער גוּבֶּערְנֶע, אונ הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר גָאהֶענְט בֶּעפְרַיינְדֶעט.

דִיא צְווייא יוּנְגֶע לַייט זַיינֶען בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת—דַאמְסְקֶע שְׁנֵיידֶער, אונ פָארֶען צוּ זַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער קִינְדֶער, וָואס זַיינֶען שוֹין פוּן צְוֶועלִיבֶע יָאהר אִין אַפְרִיקַא, אִין דֶער גְרוֹיסֶער בֶּערִימְטֶער שְׁטָאדְט—קַאפְּ-שְׁטַאדְט! זֵייא הָאבִּין גֶעווֶיזֶען מֶענְדֶלֶען זַייעֶרֶע בְּרִיף, אִין וֶועלְכֶע זַייעֶרֶע פְרַיינְד בֶּעשְׁרַייבֶּען דִיא שְׁטָאדְט, מִיט דִיא גַאנְצֶע מְדִינָה, מִיט דִיא לֶעבֶּעדִיגְקַייטֶע אונ פְרַיילִיכְקַייטֶע פַארְבֶּען; אונ הָאבֶּען אִים צוּגִירֶעט זֵייעֶר שְׁטַארְק, עֶר זָאל מִיט זֵייא אִין אַיינֶעם פָארֶען; זֵייא וֶועלִין פוֹלֶען בַּייא זַייעֶרֶע פְרַיינְד, מֶע זָאל אִים מְקַבֵּל זַיין; אונ זֵייא וֶועלִין אִים הֶעלְפִין מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייט.—

(אוים ראַמאַן) דִיא

דיא נוטע רייד, דיא הבטחות, מיט דיא פריינדשאפט פון דיא צווייא גוטע מענשין, איז ביא מענדלען גיוועזן זייער אנגעליינט, אונ איז מרוצה גיווארען, פארין מיט זייא צוזאמען; ווארום וואס איז איס ניט גאר גלייך, אין אהלב יאהר, אדער אאהר ארום, וועט ער פארין ווייטער; דער ווייל וועט ער ניט זיין אזוי עלענד.

אונ קומענדיג אין קאפשטאט; האבען זיינע גוטע פריינד, ניט פאר געסין זייערע הבטחות; איס מיט גינומען מיט זיך צו זייערע קרובים; אונ יענע נוטע מענשין האבען איס אויך געוויזען אסאך התקרבות. צווייא וואכען צייט, איז ער ביא זייא גיוועזן ביז ער האט זיך אויס גערוהט פון דיא נסיעה; אונ דער נאך, זיינען זייא גיוועזן דיא ערשטע, וואס האבין איס אפ גיגעבין זייערע קינדער צום לערנען, אונ האבין דאס וועלבינע געפוילט ביא זייערע בעקאנטע.

אונ אין דיא נייע מדינה, האט ער באקומען אנייעם נאמען; ווייל ער איז גיקומען מיט דיא מינסקער, אונ צו דיא מינסקער; אונ דיא מינסקער האבין פון זיינט וועגען זיך משתדל גיוועזן; האט מען איס גירופען "דער מינסקער לעהרער!..."

אונ דער "מינסקער לעהרער", האט באקומען אגוטען "בערוף" אין דער גאנצער שטאט; אז ער איז אגרויסער העברייער; אונ צווישין דיא גרויסע יודישע אינטעלעגענציע, וואס האבין חשק גיהאט, אז זייערע זיהן אונ טעכטער, זאלען קאנען, האטש אביסילע אונזער היילינע שפראך, מיט אונזער יודישע געשיכטע, איז אויך גיוועזן, דער קאפשטאדטער נגיד באראך גלעט ליב, וואס האט איבער גערעט מיט אמינסקער: זאגט אייער "מינסקער לעהרער", צעהן רובל אשעה, לערנען העברייעש מיט מיין טאכטער, שיקט איס!...

אונ דער "מינסקער לעהרער" איז גיקומען, יעדער טאג אפ גילערינט אשעה צייט; שטיל, פיין, אין אבאזונדער צימער, ניט קיינער רעדט מיט איס, ניט ער מיט קיינעם.

את אזוי פירט גאט, דער טאטע וואס איז א טוב לכל, ורחמיו על כל מעשיו.—

(אויס ראמאן) פאר

# 7.

## פאר פּאַלֶען.

דָאס איז שוין, כְּמְעט אַיָאהר צייט, וָואס סֶענְדְריל קָאלְט-לִיבּ, זִיצְט אויף אַיין אָרְט, עֶר הָאט שוין אִין קֶעשֶׁענֶע עֶטְלִיכֶע רוּבָל פַאר דִינְטֶע; דִיא אוּרָאקֶען זַייֶנֶען בַּייא אִים פוּן חוֹדֶשׁ צוּ חוֹדֶשׁ מֶער, אוּנ אַלֶע זַיינַען מִיט אִים הָעכְסְט צוּ פְרִידֶען; נָאר עֶר אַלַיין מִיט זִיךְ, אִיז נִיט צוּ פְרִידֶען, זַייעֶר נִיט צוּ פְרִידֶען, אוּנ דֶער חֵשֶׁק, צוּ פָארֶען, צוּ זַייזֶען שְׁטַארְקְט זִיךְ בַּייא אִים, יֶעדֶער טָאג מֶער.—

עֶר הָאט אַפִילוּ בָּאקוּמֶען אַבְּרִיף פוּן זַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ שְׁוָואגֶער. אַיין אַנְטְווָארְט אוּיף זַיין בְּרִיף, אוּנ זַייא בֶּעטֶין אִים רַחֲמִים, עֶר זָאל אַסְטַאוָועֶן זַיינֶע הֲלוֹמוֹת, עֶר זָאל נִיט זַיין וִויא קֵיין אַנֶע וְנַדְ'נִיק; עֶר הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶין אַגוּטֶין אָרְט, מִיט גוּטֶע מֶענְשֶׁין, מִיט גוּטֶע שְׂכִירוֹת זִיטְץ, לֶעהרִין, קְלַייבּ אַרוּבְּל, אוּנ הָאבּ חֲתוּנָה!..

אוּנ מֶענְדֶעלֶע וָואלְט זַייעֶר וָועלִין פָּאלְגִין זַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ שְׁוָואגֶער, עֶר אַלַיין ווַייס אוּיךְ דֶעם אֶמֶת, אַז זַייא זַיינֶען גִירֶעכְט; נָאר דֶער רָצוֹן פוּן אַנְטְלוּיפֶען, פוּן דַאנֶען, אִיז בַּייא אִים גִיוָוארֶען נָאר אִיבֶּער אַיין אַנְדֶער סִבָּה...

דָאס זַיינֶען שוין עֶטְלֶעכֶע נָאכְט, וָואס מֶענְדֶעלֶע דְרֵייט זִיךְ אוּיף זַיין גִילֶעגֶער, אוּנ קָאן נִיט שְׁלָאפִין... עֶר וָואלְט וָועלִין פַארְיָאגִין, פַאר טְרַייבֶּען זַיינֶע בַּעְיוֹנוֹת פוּן זִיךְ, אוּנ קָאן נִיט! עֶר שְׁטֵייט אוּיף, פוּן גִילֶעגֶער, צִינְדְט אָן דֶעם לָאמְפּ, גֵייט אוּם הִין אוּנ הֶער, לֵייגְט זִיךְ ווִידֶער, אוּנ נִיט דָא קֵיין זֵכֶר פוּן שְׁלָאף...

זַיין תַּלְמִידְקֶע, דִיא מַאדֶעמַאזֶעל שְׂפְּרָה בַּארֶעכָם, שְׁטֵייט אִים פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען... אִיר גֶעשְׁטַאלְט, שְׁוֶועבְּט פַאר אִים... זִיא אִיז בַּייא אִים טִיף אִין הַארְצִין...

—„וָואס צִיהְט מִיר, צוּ אִיר?.. קוּמְט אִים אַרוּיף אַגֶעדַאנְק— אִיר שְׁוַוארְצֶער פָּנִים?.. אִירֶע קָאסֶע אוֹיגֶען? וָואס קוּקֶען בּוֹיבֶּערִיק... נֵיין!.. וָואס דֶען? אִיר גֶעלְט? אִיר גְרוֹיסֶער אֵיינִיקָם?.. אוּיךְ נִיט!..

(אוּיס ראמאן) איד

איר קלונקייט אירע גוטע קאפאסאבנאסטען ? . . . אפנים אז יא ! . . ניט איר פנים ניט איר געלט , איז איינגעבאקען אין מיין הארצין , חלילה ! נאר אירע גוטע מעלות . . . דער פאר , נאר דער פאר האב איך זיא ליעב . . . אונ ווייל איך האב זיא ליב . . . אונ זיא מיר ? ווער ווייס ? דעריבער מוזמען פארין , לויפען פון דאנען . . . איר ערקלערין ? . . . ווער ווייס אויב איך וועל ניט באקומען אפאטש אין פנים . . . אונ ווען זיא זאל אפילו יע געבין איר הסכמה , איר איינשטימונג . . . וואס וועלין זאגין אירע עלטערין . . . דיא רייכע לייט . . . די מיליאנערין ! . . . איז דען ניט גלייכער , אוים לעשין דעם פייער , איידער ער צופלאקערט זיך ? . . . וואס גיכער אנטלויפען , אונ אסוף אגמר !

נאר , וואס זאג איך , וואס גיכער דעם זמן מוזמען שוין ענדיגען , אין מיטטין דערינען אוועקוואַרפין , ווער דאס האבין א פנים פון אמשוגענעם ; אונ דיא כחות זיינען שוואכע . . . זייער שוואכע . . .

מיט דיא לעצטע מחשבות איז מענדעלע איינגעשלאפין , שוין כמעט פאר טאג ; אבער ווען מענדיל וואלט געוואוסט , דיא מחשבות פון זיין תלמידקע שפרה בארעכם , וועגין אים , וואלט ער געווים אביסילע רוהיגער גיוועז ; נאר וואס זאל מען ריידען ? צווישען אלע ברואים אויף דער וועלט , איז ניט דא א צווייטער בלינדער צום מענשען ! מענדיל איז פון זיין תלמידקע נאר ניט ווייט , אונ ווייסט ניט , אז זיא , דרייט זיך אויך אויף איר בעטיל , אונ קאן ניט שלאפין , אונ דער מינסקער לעהרער דער בילד שאהנער יונגער מאן , וואס זיין גלייכען איז ניט צו געפינען , שטייט איצט פאר אירע אויגען ; . . ער שוועבט , ער טאנצט אין דער לופט , זיא שטעקט אוים אירע האנד . . . אונ ער פליהט ווייטער . . . אונ ביי איר איז איין מאל בעשטימט געווארין , אז מארגען . . . אונ נאר מארגין . . . ווארום , זאל זיא זיך קריינקען , אונ מוטשען ? . . . אים זאגען גאנץ אפפענטליך מיט דיא ווערטער : לעהרער ! זאגט דעם אמת . . . איר וואלט וועלין זיין . . . מיין . . . ח--ת--ן ! . . . וואס קוקט מיר דער פאר ! אונ שפרהלע איז אויך מיט דיא מחשבות איינגעשלאפין פאר טאג .

(אוים ראמאן)

אויף מארגין, ביים אורטאק, האט שפרה'לע מגלה געוועזן דעם מינסקער לעהרער, איהרע מחשבות, מיט די זעלביגע ווערטער, וואס זיא האט ביא נאכט בעשטימט.

מען דארף פאר שטעהן, אז מענדעלע קאלט-ליב, האט אין דיא מינוטען, פאר געסין, אלע זייטיגע חשבונות, וואס דער טאטע מיט דיא מאמען ווילין זאגען, אונ וואס אנדערע ווילין זאגין, אונ ככתוב, וויא עס איז באשריבען ביא אלע ראמאנענמאכער, אין זייערע העכסט-אינטערעסאנטע ראמאנען, איז דא, ביא מענדלען מיט שפרה'ן, אויך צו געגאנגען, ניט מער אונ ניט ווייניגער; אונ בסודי סודות דער ווילע, נאר איך אונ איר ווייסט, אונ מער קיינער ניט!

אחר המעשה, נאך דיא געשיכטע פון דעם גליקליכען אורטאק, איז איבער געלאפען פאמעלעך, (אונ וויא זאגט איר? אז לויפען, איז ניט פאמעלעך...) פינף חדשים, גליקליכע, פרייליכע פינף חדשים.

פינף חדשים, איז ניט מי יודע וואס! נאר ביא אפרוועג-צימער, איז פינף חדשים אדבר גדול... אלע פינף חדשים שפיגלען זיך אפ ביא איר אויפען פנים!...

דיא מאדאם לאה באראך, האט זיך פלוצלונג צו געקוקט צו שפרה'לען, אונ דער זעהן אויף איר פנים—חדשים!... מיט גרויס שרעק, אונ ציטערניש, האט זיא דעם גרויסען אונגליק מגלה געוועזן—באראבען!

נאך אקורצע חקירה ודרישה, האט שפרה'לע געזאגט דעם אמת, אז אזוי דארף, אונ מוז זיין!

שפרה'ס עלטערין, האבין זיך באוואשין מיט טרערין, זייא האבען גאנץ דייטליך געזעהן, אז דיא זאך איז שוין פאר פאלין, זיא מוז איצט זיין פרוי זיין, אונ וועט הייסען דיא מינסקער לעהרערין!..

## 8.

דעם זעלביגען טאג, איז געקוממען אשדכן צום מינסקער לעהרער' אים פאר לייגען אשדוך מיט דעם גביר באראבס טאכטער.

(אויס ראמאן)

דער

דער שַׁדְכָן הָאט דער בּייא קֵיין גְרוֹים מִיהָע נִיט בֶּעדַארְפְט לייגען ;
וָוארוּם מֶענְדֶעלֶע הָאט גְלַייך גִיעֶנְטְפֶערְט : „מַיין פְרַיינְד", אוֹיבּ זַייא
וֶועלִין מִיט מִיר נִיט בְּרַאקֶעוֶועֶן , וֶועל אִיךְ מִיט זַייא גֶעווִיס נִיט . . .
אַדְרַבָּה , פְּרָאבִּירְט , אִיךְ וֶועל אַייךְ גַאנְץ עֶרְלֶעךְ בַּאפְּרִידִיגֶען ! . . ;
פוּן דֶעסְט וֶועגִין , אַז דֶער שַׁדְכָן אִיז גִיקוּמֶען צוּ בַּארַאכִין , הָאט
עֶר דֶער צַיילְט אַז דֶער „מִינְסְקֶער לֶעהְרֶער" הָאט זִיךְ זַייעֶר גִיבְּרֶעקִילְט ...
נָאר עֶר הָאט אִים גִינוּמֶען צוּם צִימְבֶּעל . . . מִיט אִים אַלְנֶעל
גִינֶעבִּין . . . אִים אַבּיין גֶעלֵייגְט דְרַייא פִינְגֶער אִין מוֹיל . . . אָט הָאט
עֶר גִיזָאגְט : „אִיר" זַיינְט גִירֶעכְט ! אִיךְ פָּאלְג אַייךְ ! נָאר טַאקֶע
אַייךְ ! . . .

אַפֶּנִים אַז דִיא שַׁדְכָנִים , אוֹיפֶען גַאנְצִין בְּדוֹר הָאָרֶץ , זַיינֶען
אַלֶע גְלַייךְ , אָן אַשֶׁקֶר לֶעבֶּען זַייא נִיט ! . . .

דִיא זֶעלְבִּיגֶע וָואךְ אִיז גִיוֶועֶן אַקְנַס-מָאל , בַּיים הֶערְר בַּארַאבְּס
מָאכְטֶער , מִיט דֶעם מִינְסְקֶער לֶעהְרֶער , אוּנ דִיא חֲתוּנָה אִיז בֶּעשְׁטִימְט
גִיוָוארִין אִין צֶעהְן טָאג אַרוּם .

צֶעהְן טָאג , אֲפִילוּ פוּן דִיא לֶענְגְסְטֶע זוּמֶער טָאג , זַיינֶען אוֹיךְ
נִיט מֶער וִויא צֶעהְן , אוּנ זַיינֶען אוֹיךְ אַוֶועק , אִין דֶער עֲבִיגְקַייט ,
מִיט אַלֶע טָאג צוּ גְלַייךְ .

דֶער הֶערְר בַּארַאךְ , מִיט זַיין פְרוֹיא , זַיינֶען אַזוֹי שְׁטַארְק
בְּרוּגֶז גִיוֶועֶן אוֹיף דֶעם „מִינְסְקֶער לֶעהְרֶער" אַז זַייא הָאבֶּען נִיט
גִיקָאנְט גְלַייכְגִילְטִיג , אִין זַיין פָּנִים קוּקֶען , אוּנ מִיט אִים רֵיידֶען ;
זִיךְ אוֹיס פְרֶעגִין , צוּ אִיז עֶר פוּן מִינְסְק אַליין , אָדֶער פוּן אַיינֶע
אַנְדֶערֶע שְׁטָאדְט אִין מִינְסְקֶער גוּבֶּערְנֶע . אוּנ פוּן וֶועלְכֶע שְׁטָאדְט ?
אוּנ צוּ הָאט עֶר עֶלְטֶערִין ? פְרַיינְד ? א. ד. ג. ; אַז עֶר הַייסְט
„מִינְסְקֶער לֶעהְרֶער" מִסְתָּמָא אִיז עֶר אַמִינְסְקֶער . . . אוּנ זַיינֶע
עֶלְטֶערִין , אָדֶער פְרַיינְד , אִיז נִיט נַייטִיג צוּ קֶאנֶען , אַלְוַואי , וָואלְט-
כֶען אִים אוֹיךְ נִיט נֶעקָאנְט . . . אָט מִיט דִיא מַחֲשָׁבוֹת , הָאט
דֶער הֶערְר בַּארַאךְ זִיךְ מַכִין גִיוֶועֶן , צוּזָ. דִיא חֲתוּנָה פוּן זַיין
בַּת יְחִידָה .

(שְׁוִים ראמאן) באַרעך

בּאַרעך, האָט זיך אֲפִילוּ יאָ גיקלערט, ליגענדיג בּייא נאַכט אויפֿען גילעגער; אַז דאָס איז איין „אֶצְבַּע אֱלֹקִים„ דאָס הייסט — גאָטס אַשְׁגָּעל... „בּאַרעך! דוא האָסט גרנעץ איז דער וועלט „אָטאַכטער?... דיא איז יאָ, דיין בּלוט, דיין פֿלייש... הא? אונ „יענע ניט!... אָט נאַ דיר אַפּאַטש אין פּנים... אַז דוא וועסט „דער זעהן יענע טאָכטער אויך!..."

דיא דאָזיגע מַחֲשָׁבָה, האָט אים גענריזעט זיין הארץ וויא עמליכע נאָרים וואָלטין דאָרטין זיצין, אונ זיא עסין...

עס זיינען צוא שיקט געוואָרין, חתונה-בּילעטען, צוא אַלע פריינד אונ נוטע פריינד, סייא פון יידען, סייא פון קריסטען, זייא זאָלין קומען אויף פיר אַזייגער נאָך מיטאָג, אין דער גרויסער סינאַגאָג צו דיא חוּפָּה, אונ פון דאָרט צו דיא סְעוּדָה:

דער בּעשטימטער טאָג איז גיקומען.

עס זיינען אָנגעקומען נאַכט פון אַלע זייטען, רייכע הערין אונ דאַמען; אֲפִילוּ דער זיידע רבּי געציל הענעך איז אויך גיקומען; זיין ערשטע עוּבְדָא איז גיוועזען מאַכין אַשְׁטוּעָם מיט דעם חתן אין דיא שוואַרצע פינטלעך... אונ דער חתן, האָט גיענטפערט וויא אַלמדן, וויא אַקאַנער. רבּי געציל הענעך, איז זייער צוא פרידען געבליבען, אונ האָט אַיין גרוימט דעם זוהן, אונ דיא שנור אַסוד אין אויער. אַז זייא דאַרפֿין זיך ניט מצער זיין, דער יונגער מאַן איז אַבּלי... ער וועט זיין אַלייט... אַי, וואָס? זייא האָבין זיך בּענאַרעשט... נו!... אין דער וועלט טרעפט אַזעלכעס, זייא זיינען ניט דיא ערשטע, אויך ניט דיא לעצטע.

צו איז בּאַראַכין גרינגער גיוואָרען אויפֿען האַרצין, איז אונמעגליך צו זאָגין, מע האָט גיזעהן, אַז זיינע אויגען זיינען מיט טרערין פאַרנאָסין, אונ האָט מיט קיינעם ניט גירעדט.

עס איז גיקומען דיא בּעשטימטע שעה. דער עולם איז אַוועק גיפאָרען אין שוּה׳׳ל.

(אוים ראמאן)

דִיא חוּפָּה אִיז גִיוָועֶן הָעכְסְט פַיין גְעצִירְט , וִיא אִיז גִישְׁטַאנְעֶן נִיט וַוייט פוּן אָרוֹן קוֹדֶשׁ . חָתָן כַּלָה שְׁטֵייעֶן אוּנְטֶערְן חוּפָּה . דֶער רַאבִּינָער זָאגְט אַרֶעדֶע .

אִין שׁוּהל אִיז שְׁטִיל , אַלֶלֶע גָאסְט שְׁטֵייעֶן , מִיט אוּיםְ-גִישְׁטֶעלְטֶע אוֹיגִין , אוֹיף חָתָן כַּלָה אוּנ מְחוּתָּנִים , דֶער חַזָן הָאט זִיךְ צוּ גְעבּוֹיגֶען , צוּם חָתָן , עֶטְוָואס גִיפְרֶעגְט , אוּנ גִינֶעבֶּען זַיין הָאר אַצֵייכֶען , אַז מֶע דַארְף זִינְגֶען קֵאל כָּלָא רַחֲמִים .

מִיט זַייעֶר אַיין אוּמֶעדִינֶען , אַרִירֶענְדֶען מַאטִיוו , הָאט דֶער חָאר אָנְגֶעהֵייבֶּען זִינְגֶען , דִיא בֶּעקַאנְטֶע תְּפִילָה ; בַּייא יֶעדֶערִין , פוּן דֶעם גַאנְצִין עוֹלָם , הָאבֶּען זִיךְ גֶעקֵייקֶעלְט טְרֶערִין פוּן דִיא אוֹיגֶען . . . דָא הָאט יֶעדֶער גִיזֶעהְן , אַז גְלִיקְלִיךְ , מִיט דֶעם פָאלְקָאמֶען וָוארְט , אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט דָא . . . בַּיים עֶרְשְׁטֶען אוּנ גְרֶעסְטִין גְלִיק , מוּזְטֶען זִיךְ אָן טוּידְט דֶער מָאנֶען . . . אוּנ יֶעדֶער אִיז וִויא דַאנְקְבַּאר גִיוֶועןְ דֶעם גוּטְטֶען עֶדֶעלֶען זוּהן , וָואס הָאט נִיט פַאר גֶעסְסִין אוֹיף זַיינֶע גִישְׁטָארְבֶּענֶע עֶלְטֶערִין , אוּנ דֶער מָאנְט זַייא בַּייא זַיין גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה . . .

דֶער חַזָן פַּארְגֵייט זִיךְ , אוֹיף זַיין בַּייא קֶעלְבֶּעלֶע . . . אִין זַיין יֶעדֶער קְנֵייצֶעלֶע הֶערְטְמֶען אַקְרֶעכְטְץ אַזִיפְּטְן , פוּן דִיא הַיילִיגֶע נְשָׁמוֹת . . . וָואס זַיינֶען גִיקוּמֶען צוּ זַייעֶר זוּהנְס חוּפָּה . . .

—„אֶת נִשְׁמַת . . ." הָאט דֶער חַזָן נִיבְּרוּמְט , צוּבֵּייגֶענְדִיג זִיךְ צוּם חָתָן , עֶר זָאל אִים זָאגֶען אַנָאמֶען ; . . . אוּנ דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם פִיהלְט , וִויא יֶעדֶערִין צוּפְּט בַּיים הַארְצִין , עֶם וִוילְט זִיךְ שׁוֹין נִיכֶער ווִיסֶען , וָואס פֶעלְט דֶעם חָתָן . . . אַטַאטֶע ? אָדֶער אַמַאמֶע ? אָדֶער בֵּיידֶע חָלִילָה ? . . .

— „אֶת נִשְׁמַת !" . . . הָאט דֶער סָזָן אִיבֶּער גִיחַזֶערְט דִיא וֶוערְטֶער — אִמִי מוֹרָתִי בֵּיילֶע בַּת רַבִּי חַיִקִיל פֵּייטְל . . . שֶׁהָלְכָה לְעוֹלָ . . , דֶעם אַנְדֶער הָאלְבִּין וָוארְט , הָאט שׁוֹין דֶער חַזָן נִיט אַרוֹים גֶעזָאגְט . . . אִין שׁוּהל אִיז גִיוָוארֶען אַרַעשׁ . . . בָּאבָּאהּ הָאט

צום טויט געפּלעשט... ר׳ געציל הענעך, איז געבליבען מלשהה,
די פּאראם לאה, קוקינדיג אויף זיי... האט זיא געשריען
ניט מיט איהר קול, — א צרה א בראך !: חתן כלה, זיינען אויך
ניט שטיין געבליבען אויף זייער ארט, און זיינען פון שרעק,
שיער ניט נישטארבען. און דער גאנצער עולם, איז געווארען
אזוי צו טומעלט, צו מישט, אז מע האט ניט געוואוסט, וואס
מע זאל טאהן...

די ווייטיגע גוטע פריינד, זיינען דיא מינוט צו פּארי, אהיים.
און דיא קרובים, האבען גינומען דיא האלב טויטע עלטערן
און מע האט גיכער געפירט אהיים:

דיא חופּה איז ניט גיוועזן.

מיט דיא מיהע פון דאקטורים, האט מען זייא אלעמען צוא
זיך גיבראכט. אויף מארגען, אז באריך מיט זיין טאטען זיינען
שוין גיוועזן ביא זייער דעת, האבען זייא אריין גירופען מענדעלע
אין א חדר מיוחד, און מע האט גימאכט א חקירה ודרישה.

דיא זאך האט זיך ארויס געוויזען, וויא זיא איז. מיט אירע
אלע שטארצע און טרויערדיגע פארבען.

רבי געציל הענעך איז אוידע. באריך איז אמאטע, און
שפרה איז א שוועסטער...

חתן כלה האבען ניט געוואוסט וואס זייא זאלען מאהן, זיך
פרייען אדער וויינען, דיא בזיונות איז זייער גרויסע.

אצייט האט לאה מיט אירע עלטערן, ניט גירעדט, מיט
באראכען, און מיט זיין טאטען...

נאר דיא צייט פאר היילט אלע וואונדען. דעם רעכטען אונ-
גליק וואס שפרהלע האט ביא זיך גיטראגען, איז אוועק גיקומען
פאר דער צייט... לזכרון דעם מאוסען פלעק, איז ערגעץ אין איינ-
ווינקעלע אויפען בית עולם געבליבען א שווארצער בארגעל ערד, וואס
[illegible] אלעם פאר רעקט...

(אויס ראמאן)

דער

דער מִקְרֶה הָאט אַלֶעמֶען גִיעֶפִּינְט דִיא אוֹיגֶען . . . דער וויזען, אז גֶאט וואַרְט לַאנְג, אונ צָאלְט גוט . . .

בַּארַאך גֶעלְט לִיבּ, הָאט שוין גֶעהַייסֶען מֶענְדְלֶען זַיין זוהן, ער זָאל שִׁיקֶען אַשִׁיף קַארְטֶע מִיט גֶעלְט, נָאך יֶענֶע טָאכְטֶער מִיט איר מַאן, אונ נָאך יֶענֶעם זוהן. אונ הָאט זַייא דָער נָאך מְקָרֵב גִיוֶועזֶען וִויא אַטַאטֶע.

שְׂרָה הָאט בַּאקוּמֶען אַחָתָן, אונ מֶענְדִיל אַכַּלָה. אָפִּילוּ יַעֲקְלֶען הָאט מֶען חֲתוּנָה גֶעמַאכְט, אונ דִיא חַתוּנוֹת זַיינֶען גִיוֶועזֶען מִיט פַּארַאד מִיט סֵדֶר, קֵיינֶער הָאט נִיט גִיחַלֶעשְׁט, אונ קֵיינֶער אִיז נִיט אַנְטְלָאפֶען.

## ענדע

## נַייעֶס!

## אַ קָאכְבּוּך פִיר פְרוֹיעֶן.

עֶס אִיז עֶרְשְׁט אַרוֹיס פוּן מַיין דְרוּק אַזְשַׁארְגָאנִישֶׁער קָאכְבּוּך פִיר אַלְלֶערְלַייא זָארְטֶען גֶערִיכְטֶען, גֶעבֶּעק, צוּקֶערְגֶעבֶּעק, קָאנְפֶעטוּרֶען, וַוארֶענְיֶעס, אונ גֶעטְרֶענְקֶע אַלֶלֶעס כָּשֵׁר אונ יוּדִישְׁלִיךְ, בִּילְלִיג צוּ בֶּערַייטֶען, בִּיז 700 גֶערִיכְטִין, גֶעזַאמְמֶעלְט פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁפְּרַאכֶען, פֶערְפַאסְט פוּן דֶעם בֶּעווּאוּסְטֶען שְׁרִיפְט שְׁטֶעלְלֶער עוזר בלאשטיין. פְרַייז מִיט פָארְטֶע פַיין גֶעבּוּנְדִין 1. 20 K. רו"כ. פִיר בּוּכְהֶענְדְלֶער רַאבַּאט.
גֶעהִילְטֶע אִין אַיין פְּרָאסְטֶערֶען בָּאנְד צוּ בִּילִיגֶערֶע פְּרַייזִין.

Типографу Л. Л. Мацу. Вильну. אדרעססע